# קאָלעקטיווע דיסציפּלין און יחידישע אחריות

ווען פון די פּאַמעלעך אָפּפּאַלנדיקע געפלען פון מיטלאַלטער האָבן זיך אָנגעהויבן דורכרייסן די זון־שטראַלן פון הומאַניסטישן רענעסאַנס, איז אַ געוואַלטיקע, דורך דער קירך געפּענטעטע, ענער־גיע, באַפרייט געוואָרן. דער מענטשלעכער געדאַנק, דער דאָזיקער מעכטיקער קאָנטראָל־אינסטרומענט פון די אינסטינקטן, האָט באַ־קומען פליגל. פּראָמעטעאוס האָט זיך אָפּגעריסן פון די קייטן מיט וועלכע ער איז אַזוי לאַנג צוגעשמידט געווען צום באַרג. דער מענטש איז געוואָרן אַלמעכטיק, און שטאָלץ געשפּאַנט פון נצחון צו נצחון, אַרויסרייסנדיק ביי דער נאַטור איין סוד נאָכן אַנדערן.

אַ גאַנצע ריי יאָרהונדערטער פון באַפליגלטן מענטשלעכן גע־דאַנק, פון הומאַניזם און אויפקלערונג, פון פילאָזאָפיע און וויסנ־שאַפט, פון דיכטונג און טרוים, האָבן אויסגעטראָגן און צוגעגרייט דעם געבורט פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, וואָס האָט באַדאַרפט ווערן דער יאָרהונדערט פון סאָציאַלער באַפרייאונג, דער יאָרהונ־דערט פון פרייען און באַפרייטן קאָלעקטיוו, וואָס באַוואַכט זאָרג־פעלטיק די אינטערעסן פון אַלע זיינע יחידים.

דער מענטש איז שטערבלעך, די מענטשהייט איז אייביק; דער יחיד פאַרגייט, דער צבור בלייבט שטיין. די אינטערעסן פון פרט האָבן אַן אָנהויב און אַ סוף, די אינטערעסן פון כלל זענען המשכדיק און זייער קאָנטינואיטעט קאָן נאָר אָנגעטרויט ווערן דעם קאָלעק־טיוו אַליין. דאָס קאָן דער קאָלעקטיוו און נאָר ער אַליין, באַשטימען וואָס עס איז נוצלעך פאַר זיין המשכדיקן קיום. גישט ברענגען אין קאָנפליקט זיינע פאַראיבערגייענדיקע אינטערעסן מיט די באַשטיי־ענדיקע און המשכדיקע אינטערעסן פון כלל — דאָס זענען די אויפ־

גאַבן פון יחיד, וועלכער בלייבט פריי אין אויסוואַל פון זיינע מעשים און איז פאַר זיי פאַראַנטוואָרטלעך און וויל ער איז פריי און פאַר־אַנטוואָרטלעך קאָן ער פון קאָלעקטיוו באַשטראָפט ווערן, ווען דער אויסוואַל פון זיינע מעשים איז שעדלעך פאַרן קאָלעקטיוו אָדער פאַר אַ צווייטן יחיד.

אויך די רעליגיע, טראָץ איר דעטערמיניזם, טראָץ דעם, וואָס לויט איר זענען דאָך די מענטשלעכע מעשים און דער מענטשלע־כער גורל פון פאָרויס באַשטימט, האָט איבערגעלאָזן דעם מענטשן די פרייהייט פון אויסוואַל אין ענינים פון מאָראַל. אָן בחירה חפשית איז דאָך נישט מעגלעך מענטשלעכע פאַראַנטוואָרטלעכקייט, וואָס איז דער יסוד פון גאַנצן געזעלשאַפטלעכן קיום. סיי דער רעליגיע־זער, סיי דער פילאָזאָפישער געדאַנק פון אַלע צייטן האָבן פון פרייען אויסוואַל און מענטשלעכער אחריות געמאַכט די יסודות פון דער עקזיסטענץ. געוויס זענען אין אַלע צייטן געמאַכט געוואָרן אויסנאַמען פאַר די גרענעצן פון יחידישער פאַראַנטוואָרטלעכקייט. אַזוי איז דער יחיד קיינמאָל נישט געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר מאָרדן דעם פיינט בעת דער מלחמה, אָדער דער עקזעקוציע־פּלוטאָן פאַרן אויספירן טויט־אורטיילן. דאָך איז דער דאָזיקער אויסנאַם אין פּרינציפּ נישט אויסגעשפּרייט געוואָרן מחוץ פון די מלחמה־פראָנטן און יעדן איינעם פון עקזעקוציע־פּלוטאָן איז געלאָזן געוואָרן די אילוזיע, אַז נישט ער איז געווען דער אויספירער פון מאָרד. דער תליין, וואָס האָט דירעקט אויסגעפירט עקזעקוציעס האָט גענאָסן פון אַלגעמיינער פאַראַכטונג און נישט באַטראַכט געוואָרן ווי אַ מענטש פון דער געזעלשאַפט.

ערשט דער מאָדערנער טאָטאַלער שטאַט האָט געמאַכט פון דער באַרויבונג פון מענטשלעכער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר זיינע מעשים דעם יסוד פון זיין גאַנצן קיום, אַוועקשטעלנדיק אַנשטאָט אַ פרייען קאָלעקטיוו פון יחידים, וואָס יעדער פון זיי איז אַנגאַזשירט אין לעבן ביז צו די ווייטגייענדיקסטע קאָנסעקווענצן — אַ ווילנ־לאָזע דיסציפּלינירטע מאַסע, אַ גולם־המון, וועמען עס פעלט זיין מענטשלעכער שם המפורש: די אחריות פאַר זיינע מעשים.

דער מאָדערנער טאָטאַלער שטאַט, די דיסציפּלינירטע מולך־מלוכה, האָט זיך גענומען מער רעכט ווי די רעליגיע גיט גאָט אַליין.

זי האָט באַפרייט דעם מענטש פון דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר זיינע מעשים. באַרויבנדיק אים פון אַלע פרייהייטן, האָט זי אים גלייכצייטיק באַפרייט פון זיין פערזענלעך אַנגאַזשירט אין לעבן. דאָס צווייטע איז אַ קאָנסעקווענץ פון ערשטן. שקלאַפן זענען נישט פאַראַנטוואָרטלעך, זייער געביטער איז פאַר זיי פאַראַנטוואָרטלעך.

בעת פאַרשידענע פּראָצעסן פון נאַצישע מאַסן־מערדער האָבן מיר געהערט ווי זיי פאַרענטפערן זיך מיט פערזענלעכער אומפאַראַנטוואָרטלעכקייט, מיט באַפעל, פאַראָרדענונג, דיסציפּלין. מען דאַרף נישט מיינען, אַז דאָס זענען בלויז ווערטער, וואָס די מערדער האָבן אויסגעפונען בעת די געריכט־פאַרהאַנדלונגען כדי זיך ריינ־צווואַשן. ניין, דער דאָזיקער דיסציפּלינירטער המון אָן יחידישן פרייען אויסוואַל האָט זיך באמת געפילט אומפאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיינע מעשים. דער המון האָט בכלל נישט אַזוי פיינט צו פאַרלירן זיין פרייהייט, וואָס פאַרשאַפט אים אומרו פאַרן פרייז פון אומפאַראַנט־וואָרטלעכקייט און זאָאָלאָגישער רואיקייט. אין טראַגישן כף־הקלע־געשליידער, צווישן חיהשן און געטלעכן עלעמענט, צווישן מאַלפּע און איבערמענטש, האָט דער מאַסן־מענטש גאָרנישט פיינט, אַז א „שטאַרקע" האַנט זאָל אים אַראָפּזעצן פעסט אויף דער ערד, די נבוכדנאצרס פון אַלע צייטן האָבן זיך די ערשטע פאַרוואַנדלט אין בערן צו דער גרויסער פרייד פון המון, וואָס האָט שוין לאַנג געגאַרט צוריקצוקערן צום אור־עלעמענט.

שוין אין 19־טן יאָרהונדערט זענען די באַגריפן „מענטש" און „מענטשהייט", „יחיד" און „רבים" געקומען אין קאָנפליקט: אין זייער היסטערישער עקזאַלטירונג פון יחיד, פון זיינע רעכט און פּריווילע־גיעס, האָבן שטירנער און ניטשע פאַרלייקנט די עקזיסטענץ פון גע־שיכטע; פונקט ווי העגל און מאַרקס האָבן אין זייער וויזיע פון אַ היסטאָרישער מענטשהייט נישט געלאָזן קיין אָרט פאַר דעם ווילן פון יחיד. אָבער אין 20־טן יאָרהונדערט, אין יאָרהונדערט פון פּראַקטישער אָנווענדונג, אין יאָרהונדערט פון פאַרווירקלעכן די טעאָריעס און אידעאָלאָגיעס פון 19־טן, האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז סיי די מאַכט פון יחיד איבערן פאָלק אין פאַשיסטישן און נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישן נוסח און סיי די „מאַכט פון פאָלק" איבערן יחיד אין קאָמוניסטיש־סטאַליניסטישן נוסח, האָבןביידע באַקומען די צורה

פון טאָטאַלן שטאַט, פון אַ קאָלעקטיוו, אין וועלכן די אחריות פון יחיד ווערט פאַרטרעטן דורך דער דיסציפּלין פון רבים. אין דאָזיקן שטאַט פון טאָטאַלער דיסציפּלין האָט דער יחיד נישט זיין ווילן און טראָגט נישט קיין אייגענע פאַראַנטוואָרטלעכקייט.

דער פּראָבלעם פון אונדזער צייט איז, דאָס צוריקגעבן דעם מענטש זיין פאַראַנטוואָרטלעכקייט. עס איז דער פּראָבלעם פון אַ קאָלעקטיוו, וואָס זייַן מאָראַל איז אַ געכפּלטע דורך דער סומע פון מאָראַל פון אַלע זיינע יחידים און נישט קיין דיסציפּלינירטער בי־נענשטאָק, רעדוצירט צו זיינע אוטיליטאַרע אינסטינקטן.

אומבאמערקטערהייט, איז די סאָציאַלע באַפרייאונג פון קאָלעק־טיוו פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דער באַפרייאונג פון קאָלעקטיוו פון זיינע יחידישע פאַראַנטוואָרטלעכקייטן, וואָס איז פּונקט דער היפוך פון פרייהייט, וואָס איז אין אמתן די פולשטענדיקע פאַרשקלאַ־פונג פון מענטש צו אַן אַבסטראַקטן מולך־קאָלעקטיוו, וואָס אַנטהאַלט אין כלל עפּעס אַנדערש ווי דאָס, וואָס די פּרטים האָבן אין אים אַריינגעגעבן.

שטייען מיר דערשטוינטע און פאַרפּלעפטע און פרעגן זיך: ווי אַזוי און ווען איז עס געשען? מיט וועלכער הינטערטיר האָט זיך דער פאַרדאַרבער אַריינבאַקומען. ווי אַזוי איז דער צוואַנציקסטער יאָרהונדערט, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין אַ זיידן העמדל, וואָס איז פון אַלעמען אַזוי געצערטלט געוואָרן, מיט וועלכן מען האָט זיך אַזוי געצאַצקעט און ביי דער מינדסטער אָפּווייכונג געזאָגט: „אָ, עס פּאַסט נישט פאַרן צוואַנציקסטן יאָרהונדערט", ווי אַזוי איז ער נאָך איידער ער האָט דערגרייכט די ערשטע העלפט פון זיינע יאָרן, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַזאַ פאַרזעעניש, אין אַזאַ קריפּל? מיר זענען גרייט צו פאַרצווייפלען אינעם מענטשן און זיין עצם נאַטור.

און דאָך, נישט די פראַגע פון גוטס און שלעכטס איז די פראַגע פון אונדזער תקופה. עס איז די פראַגע פון אחריות פון יחיד פאַר זיינע מעשים אין די ראַמען פון אַ פירנדיקן און נישט געפירטן קאָלעקטיוו. לא תרצח, איז אַן אינדיווידועלער געבאָט, וואָס נאָר פרייע יחידים קענען אים אָפּהיטן. באַפרייען דעם מענטש הייסט אים צוריקגעבן די אַחריות, די פולע אַחריות פאַר זיינע מעשים.

יאַנואַר 1948.

# פּאָליטיק, וויסנשאַפט און הומאַניזם

לבד ראה זה מצאתי אשר עשה האלהים את האדם
ישר, והמה בקשו חשבנות רבים. קהלת, ז, כ״ט

מענטש, ווונדער און קרוין פון באַשאַף, דאָס ענדלעכע וואָס גאַרט אַרומצונעמען דאָס אומענדלעכע, דער טייל וואָס שטרעבט צו דאָמינירן איבער דעם גאַנצן! אַליין אַ פּינטעלע אין אין־סופיקן חלל, אַ באַגרענעצטער טייל פון אַנגרענעצדיקן אוניווערס, רייסט דער מענטש זיך אויסצוטיילן און אויסצושיילן פון דער נאַטור פון וועל־כער ער קומט, אַריינצודרינגען אין אירע טיפענישן, צו פאַרשן אירע געזעצן, צו באַנעמען אירע טרייב־כוחות און זיי איינצושפּאַנען אין רייטוואָגן פון זיינע חלומות.

וואָס זענען דען אַלע דערגרייכונגען פון דער וויסנשאַפט, אויב נישט פאַרווירקלעכטע טרוימען? און דאָס גאַנצע אומגעזעטיקטע גײַעג צו ווייטערדיקע דערגרייכענישן, — וואָס איז עס, אויב נישט די אייביקע בענקשאַפט פון מענטש אַרויסצובאַקומען דעם סוד פון באַשאַף?

פאַרזוכט האָט שוין דער ערשטער מענטש פונעם בוים פון וויסן, און נאָך איידער ער האָט באַוויזן אויך טועם צו זיין פונעם בוים פון לעבן איז ער פאַרטריבן געוואָרן פון געטלעכן גן־עדן. צווישן איין מאָל פאַרזוכטן וויסן און שטענדיקער בענקשאַפט נאָכן סוד פון לעבן שפּילט זיך אָפּ דאָס טראַגישע אַרומוואָגלען פון מענטש: דערנענטערנדיק זיך אין פלוג צו די טויערן פון אייביקן זיין, דער־זעט ער זיך פּלוצעם פאַר דער סכנה צו פאַרלירן אויך דאָס צייט־ווייליקע.

אַט איז, דאַכט זיך, די גרענעץ פון אַלע ביז איצטיקע מעגלעכ־קייטן שוין אויך איבערגעטראָטן; אַט איז שוין אויך די לעצטע באַ־ריער — דער אַטאָם — דורכגעבראָכן; אַט, אָט און די טויערן פון גרויסן, גרויסן סוד עפענען זיך. און גיט אַ קוק: אַנשטאָט דעם סוד האָבן די אויפגעעפנטע טויערן גאָר אויפגעדעקט אַ טיפן תהום. ווי אַ באַרג־קלעטערער אויפן ראַנד פון אָפּגרונט, אָן אַ צוריק און אָן אַ פאָרויס, שטייט די מענטשהייט אַ פאַרבלאָנדזשעטע און פאַרייאושטע, פול מיט אַנגסט פאַרן טיפן תהום, וואָס זי אַליין האָט אויפגעדעקט, ווי זי וואָלט מורא געהאַט, אַז דער באַשאַף, וואָס האָט מיט אַזאַ ברייטקייט צעעפנט זיינע טיפענישן פאַר איר, זאָל זי איצט נישט אַריינגאַרן אין אירע אָפּגרונטן.

*

נאָך אין אָנהייב פון איצטיקן יאָרהונדערט האָט די מענטשהייט געשפרייזט אַ זיכערע און שטאָלצע, זיכער אין איר צוקונפט, שטאָלץ מיט אירע נצחונות אין געראַנגל מיטן קאָסמישן אַרום; און אָט שטייט זי איצט, אין מיטן פון דעם אַ יאָרהונדערט, פול מיט ייאוש און אומגלויבן, פול מיט שרעק פאַרן ווייטערדיקן וועג, פול מיט שרעק פאַרן אייגענעם ווערק, באַהערשט דורך אַ געפיל פון אומ־באַהאָלפנקייט, פון זיין אויסגעשטעלט אויף טויט־סכנות. מער ווי אין אַלע צייטן באַוואָפנט מיט כלערליי מאַטעריעלע כלי־זין, דערפילט זיך די מענטשהייט פּלוצעם אומבאַהאָלפענער ווי ווען עס איז פריער, נאַקעט און באַרויבט פון אַלע עטישע און מאָראַלישע מיטלען פון אַליין־פאַרטיידיקונג.

ווו ליגן די סיבות פון אָט דעם טיפן ייאוש? אָדער ריכטיקער, ווו ליגן די סיבות פון פאַרלירן דעם מאָראַלישן אָנהאַלט, וואָס האָט אַרויסגערופן דעם ייאוש?

דעם מענטשנס באַגער דורכצובויערן די מיסטעריע פון באַשאַף מיט דער הילף פון די מיטלען, וואָס ער האָט פון באַשאַף אַליין באַ־קומען, קאָן נישט זיין אוממאָראַליש. אין דער אַנטפּלעקונג פון די געטלעכע געזעצן, וואָס קומט צום געלערנטן, צום פאָרשער, ווי אַ שכר פאַר זיין מי צו פאָרשן און אַריינדרינגען, קאָנען זיך די זוימען פון פאַרדאַרבונג נישט געפינען.

די וויסנשאַפט, ווי אַ דראַנג צו אַ פיזישער השתלמות פון

אונדזערע נישט־פּולקומע אברים, קאָן נישט זיין מאָראַליש אָדער אוממאָראַליש, ווי אונדזערע אייגענע גלידער זענען עס נישט. ערשט ווען דער מענטש הייבט אָן צו באַנוצן פאַר זיך די אויסגעפונענע געזעצן, דעמאָלט שטייט ער פאַרן שעדלעכן אָדער נוציקן אויס־קלייב פון די אַנטפּלעקענישן און ער נעמט אויף זיך די אחריות פאַר זיין מאָראַלישן אָדער אוממאָראַלישן אויסקלייב.

אויב שוין וועגן דער צונג איז געזאָגט געוואָרן: „החיים והמות ביד הלשון", איז מיט וויפל מער רעכט קאָן עס געזאָגט ווערן וועגן איר פאַרלענגערונג, דעם ראַדיאָ, וואָס קאָן אין געציילטע סעקונדן אָנפילן דעם גאַנצן חלל פון דער וועלט מיט שלום־באַלזאַם, אָדער, פאַרקערט, מיט גיפט פון שינאה און צעשטערונג! און אַלע אַנדערע אויסגעפינסן, וואָס זענען די אויסגעטרוימטע פאַרלענגערונג און פאַרגיכערונג פון אונדזערע הענט און פיס — ווי גיך קאָנען זיי איצט פליען און דערלאַנגען גלעטנדיקע הילף אָדער צעשמעטערנדיקע קלעפּ!

די נאַטור האָט דעם מענטש נישט באַשאַפן קיין שלימותדיקן. זי האָט אים געגעבן שכל, געפיל, אינטואיציע און פאַנטאַזיע אַליין צו זוכן די נישט־באַקומענע שלימות, אָבער וואָס מער דער מענטש דערוייטערט זיך פון איר, אַלץ מער ווערט ער פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיין אייגענעם אויסגעקליבענעם וועג.

אויך אין דער סאָציאַלער וועלט הערשן און רעגירן דעטערמי־ניזירנדיקע געזעצן, וואָס רעגולירן עוואָלוציאָנעריש דאָס געזעל־שאַפטלעכע לעבן. אויך דאָ, און נאָך מיט מער לייכטקייט, איז געגעבן געוואָרן דעם מענטשן אַריינצודרינגען און צו אַנטפּלעקן די טרייב־כוחות, וואָס באַשטימען דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן; אָבער מיטן מאָמענט ווען דער מענטש אינטערווענירט און קערעוועט זיי ווענדליק דעם אייגענעם אייגזעצן, הייבט ער אַליין אָן צו טראָגן די אחריות פאַר זיין באַנוצן זיך מיט די אַנטפּלעקטע כללים; און נאָך אין אַ גרעסע־רער מאָס, ווייל דאָ גייט עס אין אַ ווייבּרירנדיק לעבן וואָס איז די־נאַמיש און נישט אין טויטער מאַטעריע. אויך דאָ קאָן דער מענטש זיך באַנוצן מיט די געזעלשאַפטלעכע ווי מיט די פיזישע געזעצן לשבט או לחסד. פאַרן אויסקלייב פאַלט אויף אים די אחריות.

צי באַווייזט אָבער נישט די עקזיסטענץ אַליין פון דער מענטש־

לעבער געזעלשאַפט, אַז אין איר שויסווירקן נאַטירלעכע כּוחות, וואָס גלייכן אויס די עלעמענטן פון גוטס און שלעכטס, אַזוי ווי די קאָסמישע וועלט ווערט געהאַלטן אין גלייכוואָג צווישן די כּוחות פון צוצי און אָפּשטויס?

און צי באַווייזט נישט די עקזיסטענץ פון דער מענטשהייט אַליין, אַז אויך דער פרייער אויסקלייב ווירקט זיך אויס ווי אַ „צווייטע נאַטור", וואָס האַלט אין גלייכוואָג אַלע סתירותדיקע עלעמענטן?

נישט בלויז אַ בליק אויף די אייביק ווירקנדיקע געזעצן אין אוניווערס בכלל און אין דער סאָציאַלער וועלט בפרט, נאָר אַפילו אַ בליק אויף אַ קלענערן צייטאָפּשניט, אַ בליק בלויז אויף די לעצטע עטלעכע צענדליגג יאָרן, ווען די נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע מלחמות האָבן פונאַנדערגעבונדן אַלע בייזע אינסטינקטן, באַווייזט אונדז, אַז אין שויס פון דער מענטשהייט אַליין האָבן זיך שטענדיק געפונען גענוג געזונטע כּוחות מבער צו זיין דאָס אַבסאָלוטע רישעות און צו באַפרייען דעם געשיכטלעכן וועג פאַר אַ ווייטערדיקן נאָרמאַלן לויף פון פּאַראַלעלע כּוחות, וואָס גלייכן זיך אויס אין לעבן.

ווען מען דרינגט טיפער אַריין אין די געשעענישן אַפילו פון דער סאַמע לעצטער צייט, איז נישט שווער צו באַמערקן, אַז אין דער אונטערשטער שורה האָט זיך די רישעות נוקם געווען נישט בלויז אין די, וואָס האָבן די רישעות פּראָוואָצירט, נאָר אויך אַלע מיטבאַטייליקטע אין די רישעותדיקע מעשים זענען באַשטראָפט געוואָרן פּראָפּאָרציאָנעל צו זייערע מעשים דורך דער האַנט פון דער געשיכטע.

לאָמיר נעמען דעם לעצטן צייטאָפּשניט צווישן די צוויי וועלט־מלחמות.

נישט בלויז האָט דער דייטשער אָנפאַלער צוויי מאָל פאַרלוירן, זיכער אויף אַ לאַנגע צייט, זיין מיליטערישן און פּאָליטישן באַטייט, נאָר אויך אַלע, וואָס האָבן זיך אויף אַזאַ אָדער אַנדערן אופן באַטייליקט אין רויבמאַרש אָדער מחמת עגאָיסטישע טעמים געפּרוווט ווענדן די בייזע כּוחות פון זיך אויף אַנדערע, האָבן אין פאַרלויף פון די געשעענישן גופא באַקומען זייער שכר.

ווער האָט דען פאַרגעסן ווי אַלע קליינע און שוואַכע מלוכות, שכנים פון מאַכטיקן און אכזריותדיקן שונא, האָבן אָנשטאָט צו

פּאַראײביקן זײערע כּוחות קעגן דער אויפגײיענדיקער שׂינאה זיך געטוליעט צום וואָלף און מיט זײן הילף געריסן שטיקער אײנער בײם אַנדערן, — פּוילן בײ טשעכיע, רומעניע בײ אונגאַרן, אונגאַרן בײ יוגאָסלאַוויע, — כּדי מיט געצײלטע חדשים שפּעטער אַלײן צו ליגן בײ זײנע פיס געבונדענע און געשמידטע אין קײטן? ווער געדענקט נישט דעם גדלותדיקן באַפעל פון דער פּוילישער אַרמײ־אָנפירונג אָנטײל צו נעמען אין דײטשן רויבמאַרש קעגן טשעכיע, צו פאַרכאַפּן אַ שטיק באָדן בײ דער „סלאַווישער שוועסטער" דעמאָלט, ווען יענע איז געלעגן אַ געבונדענע, אַ פאַרקנעכטע?

דער אַרויסגעצויגענער נאַצישער חלף האָט זיך באַלד דערנאָך געלײגט, קודם־כּל, אויפן האַלדז פון פּוילן.

דאָס פאַרברעכן פון מינכען, דורך וואָס די מלוכות פון מערב האָבן אויף דעם וועג געמײנט אָפּצוווענדן די בײטש אין דער ריכטונג פון מיזרח, האָט געבראַכט מיט זיך אַ נישט־קלענערן פאַרברעכן — דעם דײטש־סאָוויעטישן אָפּמאַך. ערשט טײכן בלוט און טרערן, און די נאָענטע סכּנה פון אונטערגאַנג, דער עיקרשט אפשר, די פאַרריסענע גאווה פון שונא — האָבן צוריק פאַראײניקט די כּוחות, וואָס האָבן נאָר בשותּפות געקאָנט צעברעכן די בײטש פון אכזר.

די באַרבאַרן האָבן די וועלט נישט באַהערשט, זײ זענען דורך איר באַהערשט געוואָרן. עס האָט נאָך נישט פּאַסירט אין דער מאָדערנער געשיכטע, אַז מלחמה־פירערס זאָלן נאָך אַ פאַרשפּילטער מלחמה אויפגעהאָנגען ווערן ווי פּשוטע רוצחים, ווי דאָס איז געשען מיט די פירערס פון באַרבאַרישן דריטן רײך. און אפשר לוינט זיך צו דערמאָנען, ווי ענלעך עס איז געווען דער טויט פון היטלערן און געבעלסן צום טויט פון זײערע אומשולדיקע קרבנות. האָבן זײ נישט געמוזט זיך לאָזן דערשיסן און פאַרברענען צוזאַמען מיט זײערע מישפּחות אין די בונקערס פון בערלין?

„די שטראָף שטײט נישט אין קײן שום פּראָפּאָרץ צום פאַרברעכן", וועט מען מיט רעכט ענטפערן. געוויס נישט. אָבער דײטשלאַנד האָט דאָך ערשט אָנגעהויבן צו צאָלן פאַר אירע פאַרברעכנס. קוקט זיך נאָר צו צו די באַדינגונגען, אין וועלכע זי געפינט זיך. זי האָט די פײלן פון איר שׂנאה געשלײדערט אויף מזרח און אויף מערב. הײנט איז זי אַלײן געטײלט אויף מזרח און מערב.

אירע שונאים האָבן זיך אויסגעשטעלט אין צוויי פיינטלעכע מחנות ביי איר אין לאַנד. עס רוט אויף דייטשלאַנד די גרעסטע כּון אַלע קללות פון „ואסכסך מצרים במצרים". דייטשן קעגן דייטשן שטייען איצט מיט דער ביקס אין דער האַנט, גרייט צו קעמפן איינער קעגן אַנדערן אויף אַ פרעמדן באַפעל, פאַר פרעמדע אינטערעסן.

יידן זענען, סוביעקטיוו גענומען, זיכער געווען אומשולדיקע קרבנות; אָבער געשיכטלעך־אָביעקטיוו האָבן זיי געטראָגן אויף זיך די גאַנצע אחריות. אויב מיר זאָלן נעמען אין באַטראַכט די לעצטע תקופה. פאַר נישט־באַנעמען, די צייכנס פון דער געשיכטע — די גזרות, פּאָגראָמען און שנאה פון איין זייט און די טעכנישע און פּאָליטישע מעגלעכקייטן, וואָס די לעצטע צענדליגער יאָרן האָבן אָנגעבאָטן, פון דער צווייטער זייט. מחמת „קורצן אָטעם און שווערן יאָך" און מחמת די רייד פון פאַלשע נביאים, אַז „פרידן וועט זיין צום פאָלק ישראל", זענען די צייכנס כּמעט ווי נישט געהערט און נישט געזען געוואָרן, — און דאָס אומגליק האָט נישט פאַרזוימט צו קומען.

דער אויפקום פון מדינת ישראל נאָך צוויי טויזנט יאָר גלות און דווקא האַרט נאָך אונדזער גרעסטן נאַציאָנאַלן אומגליק — ווי איז מעגלעך נישט צו זען דערין די פאַרגעלטונג פון דער געשיכט־לעכער האַנט? געוויס איז נישט שייך צו רעדן וועגן אַ פּראָפּאָרץ צווישן אונדזער גאולה און חורבן, אָבער מדינת ישראל איז אויך נישט מער ווי אַ צייכן, אַ צייכן פון אויסלייז, אַן אָנווייז פון דער געשיכטע, אַזוי ווי די פּאָגראָמען און די שינאת ישראל זענען גע־ווען אַ צייכן פון אומקום. ישראל איז אַ ווונק אויף גאולה. אויב מיר וועלן צום ווונק פון דער אויסלייזנדיקער האַנט זיין אַזוי בלינד ווי צו די צייכנס פון דער שטראָפנדיקער האַנט, וועלן מיר אַליין טראָגן די שולד.

דאָס לעבן האָט זיך ליב אויסצודריקן אין סימבאָלן און צייכנס. ליגט אויף אונדז דער חוב זיי אויפצוכאַפּן און צו פאַרטייטשן.

אין דעם אַלעם זענען מיר נישט קיין שום פאַרהוילענע מיסטיק, נאָר די אינעווייניקסטע לאָגיק פון דער געשיכטע. אויב דאָס גע־זאָגטע זעט פּאָרט אויס צו זיין מיסטעריע, איז עס נאָר אַ באַווייז, אַז דער ניגלה און דער ניסתר זענען בלויז צוויי זייטן פון די זעל־ביקע דערשיינונגען, אָפּהענגיק פון וואָסער זייט מיר וואַרפן אויף

זיי אונדזערע בליקן — פון דער באַלויכטענער אָדער פון דער באַשאָטנטער.

עס וואָלט אָבער געווען פאַלש אַרויסצודרינגען פון די פאַקטן, אַז די געשיכטע פירט אַ קאָנטעבוך מיט אַן אָפּשלוס פון אַ גלייכן בילאַנס. כאָטש אין לאַנגע אָפּשניטן פון צייט שאַפט זיך אַ גלייכוואָג צווישן גוטס און שלעכטס איז גאַנץ מעגלעך, אַז אַ לאַנגדויערנדיקע אויסאיבונג פון געוואַלד איבער דער מענטשהייט אָדער איבער אַ טייל אירן זאָל גורם זיין, אַז די כוחות פון פאַרדאַרבונג זאָלן, אויף אַ געוויסער צייט, באַקומען די שליטה איבער די נאַטירלעכע כוחות, וואָס רעגולירן דאָס סאָציאַלע לעבן.

אמת, דאָס באַנוצן זיך מיט די מעגלעכקייטן, באַקומענע פון דער נאַטור, צו אינטערוועגירן מילד און פאַמעלעך אין סאָציאַלן לעבן ווערט צו מאָל דעם מענטשנס „צווייטע נאַטור", און ווי אויף די דעטערמינירנדיקע כוחות הייבט זיך אויך דאָ אָן אויסצווירקן דאָס געזעץ פון גלייכוואָג צווישן פאַרשידענע סתירהדיקע כוחות, אָבער אַ צו ברוטאַלע און פערמאַנענטע אינטערווענץ מצד די „דאָק־טוירים פון סאָציאַלן לעבן" קאָן צונישט מאַכן די גלייכוואָג און אַניאָגן אומגעהויערע קאַטאַסטראָפעס אויפן לעבן פון מענטשלעכן קאָלעקטיוו; זי קאָן אַפילו אונטערגראָבן זיין עצם עקזיסטענץ.

די „דאָקטוירים פון סאָציאַלן לעבן" מיינען אין זייער עם־הארצות און שטות, וואָס זענען נישט קלענער פון זייער מאַכטוויליקייט, אַז מען קאָן מאַניפּולירן מיט דעם דינאַמיש וויברירנדיקן קערפּער פון קאָלעקטיוו, וואָס באַשטייט פון מיליאָנען קאָמפּליצירטע יחידישע לעבנס, ווי מיט אַ טויטער מאַטעריע; זיי פאַרשטייען נישט, אַז די אָפּעראַציע קאָן זיך „איינגעבן" נאָר דורך אָפּטייטן דעם קאָ־לעקטיוון פּאַציענט. לויט דער משונהדיקער קאָנצעפּציע פון יענע „דאָקטוירים" וואָלט אויסגעקומען, אַז אין דעם טויט פון אָפּערירטן ליגט די איינגעגעבנקייט פון דער אָפּעראַציע.

די סכנה לויערט אויף דער מענטשהייט פון צוויי זייטן, אָבער פון איין צענטראַלן פּונקט — פון דער וויסנשאַפט, אָדער, ריכטי־קער, פון דעם ווי אַזוי די וויסנשאַפט ווערט אָנגעווענדט און אויס־גענוצט. פון איין זייט, ברענגט די פיזישע וויסנשאַפט מיט זיך אַ שרעק און אַ סכנה, אַז זי וועט אויף אַ געפערלעכן אופן ווערן באַ־

נוצט; פון דער צווייטער זייט — ווערן די עצם יסודות פון געזעל־שאַפטלעכן לעבן באַדראָט דורך דער אָנווענדונג פון סאָציאַלע עקס־פּערימענטן אויפן גרונד פון אַ וויסנשאַפט, וואָס האָט זיך אַפילו נישט צו רימען מיט דער גענויטשאַפט פון די פיזישע וויסנשאַפטן. דאָ, אין סאָציאַלן לעבן, ווו אָן אַ שיעור קאָמפּליקאַציעס פון יחידיש־פּסיכישע און קאָלעקטיוו־פּסיכישע עלעמענטן שטראָמען און ווירקן כסדר, איז נאָך גרעסער די סכּנה, אַז יעדע פאַלשע אָנווענדונג פון די אַנטדעקטע אָדער מכּלומרשטע אַנטדעקטע געזעצן, יעדע נישט־זהירותדיקע אינטענסיווע אינטערווענץ זאָל דאָ, פיל מער ווי אין דער וועלט פון דער טעכניק, גורם זיין צו דער דעסטרוקציע פון מענטשלעכן גייסט, פון דער נשמה פון יחיד און כּלל, וואָס איז עלול אונדז צוריקצוטרייבן צו די באַרבאַרישסטע צייטן, צו די קינדער־יאָרן פון דער מענטשהייט.

דאָס מיינט נישט, אַז איבערגעלעבטע און דעגענערירטע רעזשי־מען וואָס ווירקן צום שאָדן פון דער מערהייט פון פאָלק דאַרפן אויפ־געהאַלטן ווערן, כּדי אויסצומיידן ברוטאַלע אינטערווענצן אין גע־זעלשאַפטלעכן לעבן.

ספּאָנטאַנע רעוואָלוציעס קעגן דעספּאָטיזם און אָפּגעשטאַנענע רעזשימען זענען שטענדיק באַרעכטיקט, ווי אַ מיטל צו עפענען דעם וועג פאַר אַ ווייטערדיקער נאָרמאַלער עוואָלוציע.

רעוואָלוציע איז נישט דאָס פאַרקערטע פון עוואָלוציע נאָר איר דערגאַנצונג. רעוואָלוציעס זענען די כירורגישע אינטערווענצן פון דער געזעלשאַפט אומצוקערן דעם קראַנקן סאָציאַלן קערפּער זיינע מעגלעכקייטן ווייטער צו לעבן אַ נאָרמאַל געזונט לעבן.

ווי אייזברעכערס, וואָס שניידן זיך דורך אַ וועג צו די פרייע וואַסערן דורכהאַקנדיק די טיטאַנישע קריעס, זענען רעוואָלוציעס אַ נאַטירלעכער אינסטרומענט פון דער געזעלשאַפט, צו באַזייטיקן די שטרויכלונגען אויפן וועג פון פרייען געשיכטלעכן גאַנג כּדי מעג־לעך צו מאַכן די געהאַמעוועטע כּוחות פון לעבן ווייטער צו ווירקן קעגן די מיכשולים, וואָס זענען קינסטלעך געשטעלט געוואָרן אויפן וועג דורך דעספּאָטן און טיראַנען.

ווען די רעוואָלוציאָנערן באַזייטיקן בלויז די טירנאַען, צו פאַר־נעמען זייער אָרט און נישט די טיראַניע גופא; ווען נאָכן אָפּרוימען

די שטיינער פון וועג לייגן זיי אַליין אַרויף אַ לאַנגדויערנדיקן צוואַנג אויף דער געזעלשאַפט אין נאָמען פון ווייטע אַבסטראַקטע צילן, פאַרלירן זיי אַליין די אַלע רעכט, וואָס דאָס לעבן האָט זיי געגעבן צו אינטערוועניר. דער ווייטער ציל, ווי אויפריכטיק ער זאָל נישט געמיינט ווערן, קאָן דאָ גאָרנישט פאַרענטפערן. דאָס שטראָמיקע לעבן קאָן נישט קיין צילן, וואָס זענען פאַרגליווערט, נאָר מיטלען, וואָס זענען אַליין אַזוי שטראָמיק ווי דאָס לעבן. די געזעצן פון פיזישן אָדער סאָציאַלן לעבן האָבן עקזיסטירט און געווירקט אויך אָן אונדזער וויסן. אונדזערע אַנטפּלעקונגען גיבן אונדז מעגלעכקייטן פון אָנווענדונג, מעגלעכקייטן פון מיטלען. דאָ ליגט אונדזער בחירה, דאָ ווערן מיר אחריותדיק. דאָ האָבן מיר צו אונדזער רשות די דירעקטע טואונג, די מיטלען, הייסט עס, און נישט קיין אַבסטראַקטע צילן, וואָס אַנטלויפן בסדר פון אונדז.

ווי די בלאָע האָריזאָנטן, וואָס דערווייטערן זיך פון אונדז אין דער מאָס פון אונדזערן מכלומרשטן דערנענטערן זיך צו זיי, אַזוי אַנטלויפט פון אונדז דער ציל, וואָס איז בלויז אילוזיע. נאָר די מיטלען זענען ממשותדיק, מענטשלעך. זיי זענען ווי סלופּעס אָפּגעקאַלכטע וואָס צייכענען די אָפּגעלאָפענע קילאָמעטערס פון דער מענטשהייט אויפן אומענדלעכן שליאַך פון אַ לעבן, אָן אַ ציל און אָן אַ סוף, אָבער פול מיט מעגלעכקייטן פון ליבע און מסירות־נפש, וואָס טראָגן זייער שכר אין זיך אַליין.

פונקט ווי די טעכנישע אויסגעפינסן גיבן נישט קיין רעכט זייערע אויסגעפינערס אָנצוווענדן זיי וועדליק אייגענעם איינזען, נאָר וועדליק זייער נוצן פאַר דער געזעלשאַפט, אַזוי — און נאָך וויבציקער — האָבן מענטשן רעכט אָנצוווענדן סאָציאַלע עקספּערימענטן אויפן סמך פון מוטל־בספקדיקע טעאָריעס. אויב אין אירע עקספּערימענטן אויף דער סטאַטישער מאַטעריע איז די מענטשהייט דערגאַנגען צו אַ צושטאַנד פון אַ קינד וואָס שפּילט זיך מיט פייער, שרעקט זיך און שפּילט זיך, טאָ מיט וויפל אָפּגעהיטקייט און מורא דאַרף זי באַהאַנדלען דאָס דינאַמישע מענטשלעכע לעבן, וואָס נאָר אַזוי לאַנג ווי עס וויברירט און שטראָמט, טראָגט עס אין זיך אַלע עלעמענטן פון גייסטיקער שאַפערישקייט?

אַחוץ דעם דירעקטן שאָדן, וואָס דער געזעלשאַפטלעכער צוואַנג

ברענגט דער פּסיכיק פון די אים אונטערגעוואָרפענע מענטשן, ווערט ער נאָך מער שעדלעך דורך זיין דערוועקן אויפן צווייטן עקסטרעם פון דער געזעלשאַפט אַזאַ רעאַקציע, וואָס טרייבט זי אויך אָנצוווענדן די זעלביקע און נאָך ברוטאַלערע צוואַנגמיטלען צו להיפּוכדיקע צילן.

אונדזער וועלט פון סתירותדיקע עלעמענטן — פון גייסט און מאַטעריע, פון ליכט און פינצטערניש, גוטס און שלעכטס, היץ און קעלט, קראַפט פון צוצי און אָפּשטויס — איז געבויט אויף אַ גלייכ־וואָג פון קעגנגעזעצטע כוחות, וואָס קיין איינער פון זיי קאָן נישט אָנ־גערירט ווערן ברוטאַל, אָן דעם ער זאָל נישט אַרויסרופן אַ קעגן־רעאַקציע מצד אַ צווייטן עקסטרעם.

דער סאָציאַלער⁄שאָוויניזם פון ראַטן־פאַרבאַנד, אַליין אַ רעאַקציע קעגן דער לאַנגער אַבסאָלוטיסטישער ממשלה פון אַ גאַנץ דינעם שיכט פון רוסישן פאָלק, האָט מיט אַלע מיטלען דערשטיקט יעדן מין אָפּאָזיציע אָדער קריטיק אין לאַנד גופא; אָבער מחוץ פון זיינע גרענעצן האָט דער סאָציאַלער שאָוויניזם אַרויסגערופן אין פאַרשי־דענע פונקטן פון ערדקויל אַ רעאַקציע בנוגע דעם ציל און אַן ענ־לעכקייט בנוגע די מיטלען, אין דער פאָרעם פון פאַשיזם און נאַציאָ־נאַל־סאָציאַליזם. אַנשטאָט ליקווידאַציע פון קלאַסן האָט זיך אָנגעצ־הויבן די אויסראָטונג פון ראַסן, — און יידן ווי אַ פאָלק „אונטער דער האַנט" זענען געוואָרן איר ערשטער קרבן. דער איבערגעטרי־בענער קולט פון פּלאַנירונג — הגם באַרופן צו שאַפערישע צילן — רופט אַרויס מיט זיין אומהומאַניטאַרער אַנווענדונג אויף אַ צווייטן פונקט פון קאָנטינענט אַ פּלאַנירונג פון פאַרטיליקונג, פון ליקווי־דאַציע.

ווער עס אַקצעפּטירט געוואַלד פאַר געוויסע צילן, באַרעכטיקט די אַנווענדונג אין אַלע פאַלן. ווער עס כשרט סאָציאַלן שאָ־וויניזם מוז גרייט זיין, אַז ערגעץ ווו אויף דער ערד וועט אַנטשטיין אַ קעגן־שאָוויניזם, אַ נאַציאָנאַלער אָדער פון אַן אַנדער מין. את זה לעומת זה עשה האלוהים — און עפּעס קליגערס קאָנען מיר נישט אויסקלערן.

דער ראַטן־פאַרבאַנד איז געקומען אויף דער וועלט פאַר קאָנ־סטרוקטיווע און שאַפערישע צילן; דאָס איז געווען גענוג, אַז ער

צוזאַמען מיט אַנדערע געזונטע כּוחות פון דער מענטשהייט זאָל צע־שטערן די כּוחות פון פאַרדאַרבונג, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין אַנדערע צילן ווי די צעשטערונג אַליין; דאָס איז אויך געבוג, אַז דער ראַטן־פאַרבאַנד זאָל ביז איצט נישט ווערן דערדריקט דורך דער רויער קראַפט פון אַנדערע. אויב אָבער אַן אָטעם פון הומאַניזם וועט נישט אַ בלאָז טאָן איבער זיינע מעשים, אויב אַ געפיל פון מענטש־לעכער סאָלידאַרישקייט וועט נישט באַהערשן די מיטלען, וואָס זע־נען נייטיק צו דערגרייכן דעם סאָציאַלן ציל וואָס ער האָט זיך געשטעלט, וועט ברוטאַלע געוואַלד ווערן דער קניין פון דער גאַנצער מענטשהייט. באַזירט בלויז אויף דעם קולט פון וויסנשאַפט, אָן אַ טיפן מאָראַליש־הומאַנישן באַגלייטער און קאָנטראָלער פון די מעשים און אופנים פון אָנווענדונג, קאָן דער סאָציאַליזם אפשר באַווייזן אָנצוזאַמלען מאַטעריעלע גיטער, אינדוסטריעלע רייכטימער וואָס וועלן, ווי די עגיפּטישע פּיראַמידן, זיין שטומע עדות פון אַ ציוויליזאַציע אָן לעבן און אָן נשמה, גראַנדיעזע מצבות אויף קברים פון אַ פאַרגאַנגענער וועלט, אַנשטאָט צו בלייבן, ווי די גייסטיקע מאָנומענטן פון די פרייע יידישע און גריכישע ציוויליזאַציעס, אייביקע און לע־בעדיקע ווערטן פאַר דער גאַנצער מענטשהייט.

אויב דאָס חומש־מעשהלע וועגן אורמענטש, וואָס איז פאַרטריבן געוואָרן פון גן־עדן פאַרן טועם זיין פון עץ הדעת, סימבאָליזירט מיט זיך דאָס אייביקע שטרעבן פון מענטש צו דערקענטעניש, האַלט דאָס צווייטע מעשהלע פון מבול אין זיך די וואָרענונג, וואָס די מענטש־הייט האָט שטענדיק אין זיך געטראָגן, די וואָרענונג פאַר אומקום צוליב פאַרדאַרבונג.

אַפּריל 1951.

# נאַציאָנאַלע פאַרלייקענונג דורך סאָציאַלער פאַרלייקענונג

אַלס דער סאַמע כאַראַקטעריסטישער סאָציאַל־פּאָליטישער שטריך פון אונדזער נאָך־צוויי־מלחמהדיקער תקופה, וועט זיכער פאַר דער קומענדיקער געשיכטע גילטן די צוויי־מחנהדיקייט, וואָס צייכנט אַזאַ ברוטאַלע דעמאַרקאַציע־ליניע איבערן גאַנצן ערד־קיילעך ווי דער קאָסמאָס אַליין וואָלט זיך געשפּאָלטן אין צווייען. אָבער נישט בלויז אויסערלעך־געאָגראַפיש גייט די שייד־ליניע, זי צעשניידט אויך אינעווייניק פעלקער און לענדער, ווו די צוויי וואַסער־מויערן פון געשפּאָלטענעם ים־סוף שטייען צוויי פיינטלעכע מחנות אין דער וועלט אין אַ פאַרגליווערטער דראָאונג, גרייט ביי דער ערשטער געלעגנהייט צו באַגראָבן דעם פּלאַנעט אונטער זייערע כוואַליעס. האָבן זיי בדעה, גאָר נישט קענענדיק לייזן, אַלץ אויפצולייזן ?

אַז אין די געגעבענע וועלט־תנאים שניידט זיך דער צוויי־לאַגער־סיסטעם אויך אַריין טיף אין דעם אָן־פּנימדיקן, אָן־וואָרצל־דיקן כאַאָס, וואָס מען איז געוווינט אָנצורופן מיטן נאָמען „יידישער ישוב אין פראַנקרייך", איז בכן נישט קיין אַנאָרמאַלע דערשיינונג. מיר וואָלטן געקענט דערמיט שלום מאַכן ווי מיט אַ צייכן פון דער צייט, ווי מיט אַן אַלגעמיינעם בייז. וואָס עס זעט אונדז אָבער יאָ אויס צו זיין אַנאָרמאַל, איז דער אופן ווי אַזוי די צעטיילונג האָט זיך פאַרמירט אויפן היימישן שאָך־ברעטל, די דיספּראָפּאָרץ צווישן די צוויי מחנות, וואָס באַוועגן זיך אויפן ענגען פעלד פון יידישן לעבן דאָ אין לאַנד און זייער סאָציאַלער צוזאַמענשטעל. קלאָרער גערעדט : עס זעט אונדז אויס אומנאָרמאַל די דערשיינונג, וואָס אַזאַ אָנגעזע־

ענער טייל פון אַ שיכט, וואָס לויט זיין סאָציאַלער און עקאָנאָמישער סטרוקטור געהערט ער צום בירגערטום, שטופּט זיך מיט אַזאַ התלהבות אין די פּעריפּעריעס, וואָס דער קאָמוניזם האָט אויסגעבויט אַרום זיינע צענטערס. ס׳זעט אויס צו זיין אומנאַרמאַל דער משונהדיקער פענאָמען, וואָס אַן אָנגעזעענע צאָל פון אונדזער בירגערטום פאָלגט נאָך דירעקט אָדער אומדירעקט אַן אידעאָלאָגיע, וואָס צילט צו דער ליקווידאַציע און דעסטרוקציע פון דעם גאַנצן מין בירגערטום, בכן צו זיין אייגענער ליקווידאַציע.

דערביי ליגט איר ציל פון דעסטרוקציע נישט עפּעס ערגעץ אין די אַבסטראַקט־טעאָרעטישע ווייטקייטן, פאַרקערט, אומעטום אין מזרח און צענטראַל־אייראָפּע, ווו די דערמאָנטע אידעאָלאָגיע געוועלטיקט אויף אַזאַ אָדער אַנדערן אופן, צייכנט איר האַנט באַלד אָן דעם גורלדיקן מנא, מנא תקל ופרסין פון מיטעלן שיכט, און דאָרט, ווו קליינע רעשטלעך פון צען מאָל עקספּריאָפּרירטן און ליקווידירטן פאָלק האָבן זיך געפּרוווט צוריקשטעלן אויף די פיס, זענען זיי גלייך ווידער אַריינגעפאַלן אין ליקווידאַציע־פילטער. הגם שוין נישט ווי אַ פאָלק, נאָר ווי אַ קלאַס.

עס בלייבט בכן צו פאַרענטפערן, וועלכע געזעצן עס באַשטימען די פּאָליטישע נייגונגען און סימפּאַטיעס פון אונדזער באַלעבאַטישן עלעמענט און וועלכע עס זענען די טרייב־כוחות, וואָס שטויסן אים דווקא אין דער ריכטונג פון זיין אינטערעסן־פיינט. זאָל עס זיין צוליב אַ זייער הויכן דעזאינטערעסירטן אידעאַליזם? צוליב אַ שטאַרק־אַנטוויקלטן געפיל פון קרבנות־גרייטקייט, וואָס דערגייט ביז צו זיין סאָציאַלער זעלבסטפאַרלייקענונג ווי אַ שיכט? איז עס אַ רעזולטאַט פון אַ מין קאָלקעטיוו־פסיכישער קלאַסן־להכעיסדיקייט, אַ דערשייגונג, וואָס אפילו דער אַזוי „פאָראויסזעעוודיקער" מאַרקסיזם אַליין האָט נישט געקענט פאָרויסזען, ווייל זי געפינט זיך אין פולער סתירה מיט זיין טעאָריע פון קלאַסן־קאַמף?

ווען דער שטאָף פון זיינע נייגונגען און סימפּאַטיעס זאָל זיין אויסגעוועבט פון אַזעלכע איידעלע פעדים, וואָלט אונדזער בירגערטום פאַרדינט די העכסטע פאַרערונג אָן אונטערשיד פון אונדזער באַציאונג צום עצם אָביעקט פון זיינע סימפּאַטיעס.

פאַרמאָגט אָבער דער מענטש מיט דער „אוניאָן"־מענטאַלי־

טעט *) — און אַלע פאַרשטייען דאָך, אַז וועגן אים גייט דאָ די רייד — עפּעס פון די אויבנדערמאָנטע הויך־אידעאַליסטישע קוואַליפיקאַציעס? דאָס לעבן פון יעדן טאָג, די מעשים פון אַ גאַנץ יאָר וואָלטן עס באַדאַרפט באַשטעטיקן. ס׳וואָלט זיך געדאַרפט אָנזען די סאָציאַל־עטישע געבאָטן, צו וועלכע דער דעזאינטערעסירטער אידעאַליזם איז מחייב אונדזער „בורזשוי פון פּראָלעטאַרישן גלויבן״. מען וואָלט באַדאַרפט עפּעס הערן פון דער פּרייוויליקער קרבנות־גרייטקייט, וואָס דער בירגער פון דער קאָמוניסטישער טעאָלאָגיע נעמט אויף זיך אין רעזולטאַט פון זיין אידעאַליסטישער קלאַסן־פאַרלייקענונג. זיין לעבן וואָלט כאָטש טיילווייז באַדאַרפט זיין אַ מין פּרוזדור צום אידעאישן טרקלין.

בלויז דער טיטל „פּראָגרעסיווער לאַגער״, וואָס איבעריקנס נעמט ער זיך אים אַליין, קען אונדז נישט איבערצייגן. לויט אונדזער קאָנסערוואַטיווער אָפּשאַצונג קאָן אַ בלויזע אונטערגעשריבענע דעקלאַראַציע פון אָנגעהעריקייט צו אַן אָרגאַניזאַציע אָדער אַ באַוועגונג נישט מאַכן קיין שום יחיד פאַר פּראָגרעסיוו, פּונקט ווי אַ רעזשים־ענדערונג קען נישט מאַכן פון היינט אויף מאָרגן פאַר פּראָגרעסיוו נעכטיקע באַרבאַרן, און פּונקט ווי, דער בלויזער אַקט פון איבעררוקן גרענעץ־סלופּעס קאָן נישט אָפּגעשטאַנענע לענדער גלייך פאַרוואַנדלען אין פאָרגעשריטענע. לויט אונדז וואָרצלט דער באַגריף פון פּראָגרעס נישט בלויז אין עקאָנאָמישע ווערטן, נאָר אויך אין דער אַנטוויקלונג פון אַן עטיש־מאָראַלישן תוך, וואָס ווערט דערגרייכט מיט שווערער מי דורך אַ באַוווסטזיניקן אָנשטרענג מיט ראַנגלענישן און מכשולים אָן אַ שיעור. קיינער קען אים נישט באַקומען במתנה פון פרעמדע הענט ווי אַ מין סמיכה אָדער ווי אַ מלוכה־מעדאַל און מכל שכן אומפאַרדינטערהייט, בלויז דורך אַ קאָלעקטיוון סערטיפיקאַט.

אין דער אמתן ליגט די סיבה, וואָס דער „עקאָנאָמישער ראַדיקאַליזם״ לאָקט מיט אַמאָל אַזוי אַ געוויסן טייל פון אונדזער בירגער־

*) „אוניאָן״ איז דער נאָמען פון אַ קאָמוניסטיש־קאָנטראָלירטער יידישער אָרגאַניזאַציע אין פראַנקרייך.

טום אײנגאַנצן אויף אַן אַנדערן שטח, ווי אידעאַליזם און קלאַסן־פאַרלייקענונג.

אמת, זעלבסטפאַרלייקענונג ליגט טאַקע אין יסוד פון דער דאָזיקער קאָמוניסטישער נאָכשלעפּעריי, אָבער נישט די קלאַסן־רעזיגנאַציע, נאָר די גייסטיקע פאַרלייקענונג אַלס פאָלק. דאָס יידישע בירגערטום, וואָס לאָזט זיך אין אַזאַ גאַלאָפּ נאָכן „פּראָגרעס" זוכט דורך דער דאָזיקער הינטערטיר אַריינצודרינגען דאָרט, ווו עס האָט נישט קיין האָפענונג זיך אַריינצובאַקומען דורך דער פאַראַדנער טיר פון די „אויבערשטע ספערן". נישט די ליקווידאַציע פון זיינע מאַטעריעלע גיטער לאָקט אים מיט אַמאָל אַזוי שטאַרק, נאָר די ליקווידאַציע פון זיין גייסטיקער ירושה צו וועלכער ער פילט נישט קיין שום אינערלעכן צוזאַמענבאַנד; פון וועלכער ער שעפּט נישט מער קיין שום גייסטיקע הנאה און ער ווייס נישט וואָס מיט איר צו טאָן.

נישט זייענדיק קולטורעל צוגעגרייט צו אַן אַסימילאַציע דורך „אויבן" וויל עס דער קולטור־אָרעמער בירגער מאַכן דורך אַן „אונטן", זיך דורכשמוגלען דורכן אָפענעם טויער — ווי ער מיינט — פון פּראָלעטאַרישער געדיכטקייט.

דער אינטערנאַציאָנאַליזם, אָדער „ערזאַץ"־אינטערנאַציאָנאַליזם גיט אים די אילוזיע, אַז עס עקזיסטירט נאָך אַן ערגעץ ווו מען פרעגט נישט אויף קיין „פּונוואַנען". די קאָמוניסטישע פּעריפעריע באַדאַרף דאָס ווערן דער ליקווידאַציע־פּרוזדור צום טרקלין פון אַסימילאַציע.

דאָרט וווהין דער אַמאָליקער „פּאָליאַק", „דייטש" און „פראַנצויז" פון משהס גלויבן האָט געהאָפט אַריינצודרינגען מיט אַ פולן זאַק קולטור פון מערהייט־פאָלק אויף די פּלייצעס. וויל דער איצטיקער בירגער פון פּראָלעטאַרישן גלויבן אָנקומען, ווי אַ רייזנדער אַן באַגאַזש, בלויז מיטנעמענדיק מיט זיך די מענטאַליטעט פון פאַרלייקענונג.

אָבער צום שבח פון די אַמאָליקע אַסימילאַנטן פון „משהס גלויבן" מוז געזאָגט ווערן, אַז זיי האָבן קיינמאָל נישט פּרעטענדירט מיט זייערע אַקטן „צו פאַרטיידיקן די פאָלקס־אינטערעסן". זיי האָבן אַרום זיך אַרומגעצייכנט אַ קרייז און אין אים געבליבן געצוימט, איזאָלירט און במילא אומשעדלעך.

זי, די נעאָ־אַסימילאַציע, די „פאָלקסטימלעכע“, די וואָס זוכט דעם וועג צו אויפלייזונג דורך קאָמוניזם, זי קומט מיטן דעקמאַנטל פון אידעאָלאָגיע און מיט דער צביעות פון אויסגעבאָרגטער טערמי־נאָלאָגיע, מיט יענעם גוטבאַקאַנטן פירוש המילות, וואָס דערפירט אַלע אינהאַלטן צו אַבסורד, און מאַכט, אַז ליקווידאַציע און קאַפּיטו־לאַציע זאָלן „ראַטעווען די פאָלקס־אינטערעסן“ און פאַרראַט זאָל זיך הויך איבער אַלע דעכער פראָקלאַמירן אַלס אויסלייזער.

דאָס באַרויבן די ווערטער פון זייער אינהאַלט איז איבערהויפּט די טרויעריקסטע אייגנשאַפט פון דער „פּראָגרעסיווער“ תקופה. דאָ ליגט אפשר איר גרעסטע סכנה און די גרעסטע טראַגיק. דאָס מענטשלעכסטע, וואָס מיר פאַרמאָגן, דאָס איינציק בולטע, וואָס טיילט אָפּ דעם מענטש פון דער חיה און פון דומם ווערט אונדז צו־גערויבט, אַלץ ווערט פון איצט אָן וואַקלדיק, אומזיכער, ליידיק, איר קענט מער נישט זיין פאַר אָדער קעגן עפּעס. דער עפּעס האָט פאַר־לוירן זיין נאָמען. עס איז דער בכוונה־אָרגאַניזירטער כאַאָס, דער אָרגאַניזירטער דור־ההפלגה, ווו קיין פאַרשטיין זיך איז מער נישט מעגלעך, ווו די ווערטער האָבן נישט קיין זין. אַזוי שאַפן זיך די מוטנע וואַסערן, אין וועלכע די פיש כאַפּן זיך לייכט.

עס טרעפט אָבער — און עס מוז אייביק אַזוי טרעפן — אַז דער פאַראַט פאַראַט זיך אַליין. און מיטאַמאָל באַקומען די ווערטער צוריק זייער אמתן פשט און מיר האָבן ווידער אַ מאָס צו מעסטן.

די וואָס אָרגאַניזירן דעם דור־הפלגה קענען זיך דאָך פאָרט נישט באַגנוגענען מיט ווערטער, איז דאָך דער כאַאָס לכתחילה באַ־שאַפן געוואָרן צוליב מעשים, קומען די מעשים און פאַראַטן דאָס פאַראַטענע וואָרט און גיבן אים צוריק זיין באַדייט.

אַזאַ „גליק“ האָט אונדז געטראָפן אין ראַטנפאַרבאַנד, ווו מען האָט אַזוי לאַנג „געראַטעוועט די אונטערדריקטע קולטורן פון די קליינע פעלקער“ און אַזוי לאַנג געשיצט און געשטיצט „די פּראָלע־טאַרישע פאָלקס־קולטורן“ ביז איינע אַזאַ פאָלקס־קולטור — און נאַטירלעך די יידישע — איז אינגאַנצן פאַרשוווּנדן מיט אירע שע־פער און נאָכלויפער, מיט די ליקווידאַטאָרן, וואָס האָבן אַזוי לאַנג ליקווידירט, ביז זיי האָבן זיך מיטליקווידירט. וואַרפט דאָס אַ העל

ליכט אויף די ווערטער און מיר האָבן ווידער אַ מאָס צו מעסטן און אַ וואָג צו וועגן.

דער פאַרברעכן פון ליקווידאַציע ווערט באַגלייט פון אַ נישט קלענערן פאַרברעכן, פון דער קאָנספּיראַציע פון פאַרשוויגן. איז די קאָנספּיראַציע ווייטער אַ מאָס צו מעסטן ווערטער און זיי צוריק־צוגעבן זייער אמתן פירוש.

די גרויסע קאָנספּיראַציע פון פאַרשוויגן איז נישט די מחלה, זי איז איר סימפּטאָם. זי איז דער באַווייז, אַז אַ דעגענערירנדיקער און דעמאָראַליזירנדיקער באַציל האָט זיך באַזעצט אין נאַציאָנאַלן גוף און האָט שוין גרויסע טיילן פון אים פאַרדאָרבן. די ווייטע פאַרשפּרייטקייט פון דער קאָנספּיראַציע איבער לענדער, קאָנטי־נענטן און שיכטן און אפילו אין ישראל, ווו עלעמענטן, וואָס זענען געשטאַנען אין דער ערשטער שורה פון בוי און גרעניצן פאַרן לאַנד זענען אין איר באַטייליקט, באַווייזט וווהין דער באַציל האָט אַלץ דערגרייכט.

מען וואָלט דאָ געקענט טענהן: אמת, טאַקע וואָר, אַז די צוטי־קראַפט פון קאָמוניזם פאַר אַ טייל פון דעם יידישן באַלעבאַטישן קלאַס ליגט טאַקע נישט אין זיין אידעאַל, נאָר אין די אילוזאָרישע מעגלעכקייטן, וואָס ער ביט אָן צו אַנטרינען פון זיך. אָבער מיט וואָס איז די לאַגע אַזוי אַנדערש אין די אַנדערע טיילן פון יידישן פאָלק? הערשט דען נישט דאָרט די זעלבע אינדיפערענץ צו די פאָלקס־ווערטן פון עבר פּלוס פאַרלוירנקייט און אָפּהענטיקייט בנוגע דער צוקונפט?

אונדזער ענטפער איז: עס עקזיסטירט טאַקע אַן אַלגעמיינע, כמעט אינסטינקטיווע טענדענץ פון נאַציאָנאַלער אויפלייזונג. אין רעזולטאַט פון די פאַרלייקענונגס־טעאָריעס פון דער השכלה גע־שטאַרקט דורך דעם יאוש פון חורבן. די אַנטלויף־טענדענץ איז פאַראַן אין אַלע שיכטן פון פאָלק. דאָס אַנטלויפן פון דעם טייל, וואָס זוכט שוץ אונטער די פליגל פון אַן אידעאָלאָגיע, וואָס איז קעגן זיינע אינטערעסן, העלפט אונדז בלויז אויפדעקן די קראַפט פון דער דאָזיקער טענדענץ.

מיר האָבן אַרויסגעצויגן אַ כלל: אַ טייל פון יידישן בירגער־טום, האָט זיך אָנגעשלאָסן אין אַן אידעאָלאָגיע, וואָס איז מחייב זיין

פאַרניכטונג ווי אַ קלאַס, ווייל ער לעכצט טאַקע צו זיין פאַרניכטונג, אָבער נישט ווי אַ קלאַס, נאָר ווי אַ פאָלק. די פאַרלייקענונג ווי אַ פאָלק האָט זיך דאָ פסיכיש פאַרוואַנדלט אין אַן אַנדערער פאַרלייקענונג, וואָס גיט איר די אילוזיע פון אידעאַליזם.

אָבער דווקא דאָס אַנטדעקן די פסיכישע פאַרוואַנדלונג פון דער פאַרלייקענונג דינט אונדז ווי אַ באַווייז, אַז עס גייט אין אַ באַוויסטער פאַרשפרייטער טענדענץ. חוץ די, וועלכע האָבן געצויגן קאָנסעקווענצן (באַוווסטזיניק אָדער אומבאַוווסטזיניק) פון זייער פאַרלייקענונגס־באַגער, זענען פאַראַן אַזעלכע, וואָס ברענגענדיק דעם באַגער צום באַוווסטזיין, באַקעמפן זיי אים, אָדער אַזוינע (און דאָס איז דער רוב), וואָס ציען נישט קיין שום קאָנסעקווענצן, דאָס זענען די גרויסע פאַסיווע המונים, וועמענס פאַסיוויטעט האָט פון זיי אַמאָל געמאַכט דעם יסוד פון פאָלק, דער קאָנסומענט פון שטייגער און קולטור און איצט זענען זיי דערליידיקער חלל פון אַ חורבה.

בכן, אויב מיר האָבן גענומען לדוגמה און נישט דווקא אין פראַנקרייך בלויז דעם עלעמענט פון די קאָמוניסטישע פעריפעריעס, איז עס קודם כל אויפצווייזן די סכנה, וואָס ליגט אין אידעאָלאָגישן דעקמאַנטל, מיט וועלכן די דאָזיקע עלעמענטן באַנוצן זיך צו פאַרדעקן די שאַנד פון פאַרלייקענונג.

און עס איז דאָ נאָך אַ סיבה צוליב וועלכער מיר נעמען די קאָמוניסטן אַלס פערפעקטן מוסטער פון פאַרלייקענונג: דער אָפּגעשוואַכטער ווילן ממשך צו זיין דעם אייגענעם יידישן קיום איז טאַקע אומעטום פאַראַן אָבער אין ערגעץ ווערט די פאַרלייקענונג נישט אונטערגעוואָרפן קיין פעסט־אָרגאַניזירטער דיסציפּלין און אַנטקעגנגעשטעלט דער צעטרייסלטער נאַציאָנאַלער דיסציפּלין. ווער ווייס, וויפיל נטיה צו אַנטלויפן פון זיך עס געפינט זיך אין יעדן איינעם פון אונדז, אָבער אין פרייען שטראָם און צופלוס און אָפּפלוס פון אידעען, איבערצייגונגען און טענדענצן וועט סוף כל סוף אין לעבן גובר זיין דאָס, וואָס פאַרמאָגט חיות, וואָס האָט כח און זאַפט צו לעבן.

אין דעם בוך איז שוין אויף אַן אַנדער אָרט אָנגעוויזן, אַז נצח ישראל איז נישט קיין אָן־תנאימדיקע מתנה, וואָס איז דעם יידישן פאָלק געגעבן געוואָרן. נצח ישראל האָט באַדייט און באַדייט נאָך

היינט אַ ווילן, אַן אָנשטרענג, אַן אַנטשלאָסנקייט, וואָס אַ קליין און פּיזיש שוואַך פֿאָלק האָט אויף זיך גענומען. אין פרייע מעגלעכקייטן אויסצואיבן דעם ווילן און די דיסציפּלין, וועט דאָס לעבן באַווייזן (און ישראל ווי אַ טיילווייזע פֿאַרגעלטונג פֿאַרן חורבן האָט עס שוין באַוויזן), ווי גרויס עס זענען נאָך די נצח־ישראל־רעזערוון.

די כמעט אינסטינקטיווע נטיה איבערצורייסן מיטן נצח־ישראל אין רעזולטאַט פון די פֿאַרלייקענונגס־פּראָצעסן און פון דעם יאוש נאָכן חורבן איז טאַקע אומעטום פֿאַראַן, אָבער אַנדערע טענדענצן, אַנדערע נטיות, אַנדערע ווילנס און אָנשטרענגונגען זענען אויך פֿאַראַן, זיי קרייצן זיך און ראַנגלען זיך. עס גייט אָן אין אונדזער שויס אַ שווערער געראַנגל צווישן די כוחות פון בוי און די כוחות פון צעלייגן. אין ערגעץ זענען די פֿאַרניכטונגס־כוחות נישט אָרגאַני־זירט. בלויז אין די קאָמוניסטישע רייען ווערט די ליקווידאַציע גע־פּראָוועט בציבור און קיין שום פּלוסן און שטראָמען האָבן נישט די מעגלעכקייט קעגנצווווירקן. דאָ ליגט איר גרעסטע סכנה.

איך האָב גענומען דעם טיפּ פון „אוניאָן״־ייִד ווי אַ משל און אַ מוסטער, ווייל אים קענען מיר אַמנאָענטסטן און די כּוונות פון קאַפּיטולאַציע זענען דאָ אַמבולטסטן, אָבער אַנדערש איז עס נישט אין אַנדערע פּעריפֿעריעס פון קאָמוניזם, אפילו אין זייערע ציוניס־טישע פּאַר־פּעריפֿעריעס.

דאָס פֿאַרשווייגן — און פּאַקטיש האַנדלט זיך מער ווי אין פֿאַר־שווייגן ,עס האַנדלט זיך אין אַקצעפּטירן די ליקווידאַציע — מיינט, אַז דער ווילן צו פֿאַרטיידיקן די אייביקע ווערטן, איז אויך מצד וויכ־טיקע ציוניסטישע עלעמענטן אין ישראל נישט קיין אַבסאָלוטע, נישט קיין באַדינגונגסלאָזע, נאָר מיט תנאים. בתנאי, אַז דער אָנגריף זאָל קומען פון אַ צד, מיט וועלכן מען האָט אַנדערע, דאָקטרינערע חשבונות. ווען אונדזערע אבות זאָלן אויך זיין געווען אַזעלכע מקדשי־השם בתנאי, וואָלטן מיר שוין לאַנג פֿאַרשפּאָרט צו ברויכן וואָס עס איז פֿאַר זיך, אפילו נישט קיין אייגן לאַנד...

אין הסכם מיטן נייעם פּירוש־המילות האָט מען אויף דער ליק־ווידאַציע פון ייִדיש פֿאַרשידענע פֿאַרענטפֿערונגען: עס איז צוליב דאָס און יענץ, אָבער חס וחלילה נישט צוליב אַנטיסעמיטיזם. אָבער ווו איז, איך בעט אייך, די גרענעץ, ווען רדיפות אויף דער ייִדישער

מינדערהייט הויבן אָן הייסן אַנטיסעמיטיזם? אפשר פיזישער אויס־ראָט? אין פאַרלויף פון די טויזנטער יאָרן ביז היטלערן האָט דאָס יידישע פאָלק קיין אַנדערע קעגנערשאַפט ווי דעם ווילן אָפּצומעקן זיין גייסט, נישט געקענט. אַנטיוכוס, אַדרינוס, טאָרקוועמאַדאָ און צענדליקער אַנדערע פירער פון רעליגיעס, אידעאָלאָגיעס און ציווי־ליזאַציעס, האָבן נישט מער געפאָדערט ווי די נשמה. אַלע, אַחוץ היטלערן, האָבן געגעבן די ברירה צו בלייבן ביים גוף. און ווי אַזוי וואָלט בכלל אַנדערש מעגלעך געווען קידוש השם? איז ער דאָך נאָר מעגלעך, ווען עס איז דאָ אַ ברירה! ווען עס איז נישטאָ קיין אויסוואַל צווישן גוף און נשמה, איז דאָך קיין מסירת־נפש איבערהויפּט נישט געמאָלט!

עס איז קלאָר: די אַלע עלעמענטן, יחידים ווי קאָלעקטיוון, שותפים צו דער קאָנספּיראַציע פון פאַרשווייגן קענען נישט גענומען ווערן ערנסט ווי פאַרטיידיקער פון יידישקייט אין קיין שום פאָרם, דער וועלטלעכער אַריינגערעכנט און נישט אויסשליסנדיק די לינק־ציוניסטישע עלעמענטן פון אייגענעם לאַנד.

אָבער נאָך אַלעמען, איז אַלץ זייער לאָגיש און קאָנסעקווענט אויף אונדזער ערד! די געשעענישן פאַלן נישט אַרויס פון אַ לער־קייט, זיי זענען שטענדיק און אומעטום רינגען אין אַן אומאיבער־געריסעשער קייט פון סיבות און רעזולטאַטן.

די גרעסטע תורה פון אונדזערע רעוואָלוציאָנערע פּרומאַקעס בנוגע פאָלקס־קולטור, איז געווען די לאָזונג „נאַציאָנאַל לויט דער פאָרם, סאָציאַל לויטן אינהאַלט". האָט זיך געמאַכט, אַז דער סאָציאַ־לער אינהאַלט ברויכט שוין נישט מער די יידישע ראַמען, איז אַלץ בטל געוואָרן. ווי לאַנג קען מען ברויכן ראַמען? און ווער קען פאָ־דערן מסירת נפש פאַר ראַמען, פאַר אַ נאַציאָנאַלן גוף אָן אַ נאַציאָ־נאַלער נשמה?

איך דערמאָן ז״אַ אָפּט די קאָנספּיראַציע פון פאַרשווייגן, וואָלט עס זיך נאָר געהאַנדלט אין שווייגן, אין אַ פּאַסיווער באַציאונג, אין אינדיפערענץ צום גורל פון די אייביקע יידישע ווערטן! פאַקטיש גייט עס אין פיל מער. די פאַרשווייגערס זענען דען אַזעלכע שוויי־גערס? זענען זיי דען נישט פול מיט פאַניגיריק און חניפה אָן אַ מאָס, וואָס איז נאָך קיינמאָל נישט באַקאַנט געווען ביי יידן? איז

דען די גאַנצע ליטעראַטור און די אַקטיוויטעט פון די פעריפעריעס און פאַר־פעריפעריעס, נישט פול מיט אַזעלכע פאַניגיריקס און הנותן תשועה־געזאַנגען ווען עס גייט אין אנשי שלומינו? מען האָט אין אָנהויב פון די אויפקלערערישע צייטן אָפּגעשפּאָט פון דעם טיפּ מה־יפית־ייד און אַ הנותן תשועה־נוסח. אָבער פאַר אים דעם ייד פון אַמאָל איז מה־יפית געווען אַ קאַמף־מיטל, עס האָט באַדייט מקריב זיין פאַרן באַרבאַר און מטורף אַ טייל פון דער ווערדע, כדי אָפּצוראַטעווען דעם עיקר. דעם עיקר איז מען גרייט געווען צו פאַרטיידיקן מיטן לייב און לעבן. דאָ זענען קיין שום פשרות נישט מעגלעך געווען, וואָס וויל דער פּראָגרעסיווער מה יפית באַקומען פאַר זיין כורע ומשתחווה זיין אַחוץ, אַז זיין קאַפּיטולאַציע זאָל אַקצעפּטירט ווערן? און ווי מיר זעען עס פון דעם „אַנטי־קאָסמאָפּאָליטישן" קאַמף, ווערט זי נישט שטענדיק אַקצעפּטירט?

אין דעם אַלעם דאָ געזאָגטן אינטערעסירט מיך נישט דער קאָמוניזם אַלס אַזעלכער און אפילו נישט זיין באַציאונג צו דער נאַציאָנאַלער פראַגע בכלל און צו דער יידישער בפרט. דאָס איז אַ באַזונדערער טרויעריקער ענין, וואָס מיך אינטערעסירט דאָ, איז דאָס וואָס דער אָפּגעשוואַכטער ווילן פון אַ גרויסן טייל פון יידישן בירגערטום אויפצוהאַלטן זיינע היסטאָרישע ווערטן האָט אין קאָמוניזם געפונען אַ גינסטיקן באָדן פאַר זיין אויפלייז־באַגער. דער באַגער פון קאַפּיטולאַציע און אַליין־ליקווידאַציע אין זיינע פאַרשידנסטע פאָרמען האָט דאָ געפונען זיין אידעאָלאָגיע, זיין פאַרענטפערונג און זיין באַרעכטיקונג.

די פראַגע שטייט נישט, צי יידן ווי אַ פאָלק מוזן זיין אַנטי־קאָמוניסטן אָדער אפילו אַנטי־סטאַליניסטן, נאָר צי זיי דאַרפן ווי אַ פאָלק זיך אָפּזאָגן פון דער פאַרטיידיקונג פון די אייגענע ווערטן בלויז דערפאַר, וואָס דער אָנגריף קומט מצד די קאָמוניסטן. ד.ה. צי דאַרפן זיי ווי אין פאַרלויף פון זייער גאַנצער געשיכטע זיין גרייט אויף קרבנות פאַרן קיום און אים פאַרטיידיקן אומעטום און שטענדיק קעגן אַלע, וואָס שטעלן אים אין געפאַר אָדער זיך אָפּזאָגן פון דער פאַרטיידיקונג אין איצטיקן פאַל? ביז איצט האָט די יידישע געשיכטע נישט געוווּסט פון אַ פאַרטיידיקונג בתנאי.

עס איז זיכער: די וואָס בייטן אויס די יידישע דיסציפּלין, די

פרייוויליקסטע פון אַלע דיסציפּלינען (וואָרעם במשך פון טויזנטער יאָרן האָט קיין שום מלוכה נישט אויפגעצוווּנגען קיינעם קיין ייִדיש־קייט, נאָר זיכער פאַרקערט), אויף אַ פרעמדער, אָן אָנגעוואָרפענער און פילן זיך דורך איר אַזוי געבונדן, ביז צום ווערן אומפילבאַר אויף אַלע עוולות, ביז צום דערשטיקן אין זיך יעדן פּראָטעסט קעגן באַרויבן די נשמה פון אַ פּילמיליאָניקן קיבוץ, קענען נישט פאַרעכנט ווערן ווי פאַרטיידיקער פון דער ייִדישער זאַך, אַפילו ווען זיי זענען ציוניסטן און אַפילו ווען זיי האָבן זיך באַטייליקט אין אויפבוי פון לאַנד.

אַ פאָלק, וואָס נעמט נאָך ערנסט זיין צוקונפט, וואָס האָט נאָך באמת אַ ווילן ממשיך צו זיין, טאָר נישט דולדן קיין פאַרטיידיקער בתנאי.

# קאָנסעקווענצן פון אַ פאַרלייקענונג

היינט, ווען מיט אַנגסט האָרכט זיך דער שארית־ישראל איין אין די וואַקלדיקע טריט פון זיין אייגענער צוקונפט, ווען איבער די וועגן פון די תפוצות העגנט אַ גרויסער פרעג־צייכן און דאָס פנים פון ישראל איז נאָך פאַרשלייערט און פאַרדעקט, איז כדאי זיך קלאָר צו מאַכן, אַז נישט בלויז איין חורבן וואָרצלט אונדזער פאַרווירונג נאָר זי איז פיל מער אַ דירעקטע קאָנסעקווענץ פון די פאַרלייקע־נונגס־טענדענצן, וואָס די השכלה האָט פאַרזייט און די וועלטלעכע באַוועגונגען האָבן געשניטן. דער בשותפותדיקער פאָטער פון אַלע מאָדערנע יידישע באַוועגונגען איז געווען די משכילישע נעגאַציע. פון איר האָבן זיי אַלע געצויגן די ערשטע יניקה. דאָס האָט אין אַ גרויסער מאָס באַשטימט זייער כאַראַקטער און דעם כאַראַקטער פון לעבן, וואָס האָט זיך פאָרמירט אונטער זייער השפעה.

דער חורבן האָט בלויז די אָנגעצייכנטע — דורך דער השכלה — טענדענצן פאַרוואָנדלט אין פאַקטן: ער האָט די פּראָצעסן צוגעאײלט אָבער נישט געשאַפן. געשאַפן דעם פּראָצעס פון צעפאַלונג האָט די השכלה.

זיכער האָבן אינערלעכע און אויסערלעכע אומשטענדן צוגע־גרייט אַ באָדן פאַר איבערקערענישן אין סטאַגנירטן יידישן לעבן. אָבער ווי צו די איבערקערענישן, וואָס ווערן אַרויסגערופן דורך שנאה, דורך גרינגשעצונג, אַנשטאָט זייער סטימול זאָל זיין ליבע און אַכטונג צו די אינהאַלטן פון די געשאַפענע פאָלקס־ווערטן.

אמת, נאָכן ערשטן עטאַפּ פון פולער פאַרלייקענונג, איז גע־קומען אַ צווייטער — פון „גיין צום פאָלק", פון וועלן משפיע זיין אויף גרעסערע מאַסן. די השכלה האָט דעמאָלט מער נישט געקענט

בלייבן בלויזע נעגאַציע, זי האָט דעמאָלט אָנגעהויבן זוכן וועגן צו אַ נייער יידישער צוקונפט, איבערלאָזנדיק די פאַרלייקענונג בלויז פאַרן עבר. אַלע וועלטלעכע נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע באַוועגונגען זענען דעמאָלט אַרויס פון איר שויס, אָבער אַלע האָבן זיי ווי די מיטאָלאָגישע יאַנוס־געשטאַלט באַהאַלטן אַ טאָפּלט־פּנימדיקייט. איין האַלב־פּנים האָט מיט אַ פאַרקרומטן גרימאַס געקוקט צום עבר, וואַרפנדיק אַ צאָרניקן „ניין", דאָס צווייטע האַלב־פּנים האָט אַ שמייכלדיקס זיך געוואָנדן צו דער צוקונפט.

דער „ניין" האָט געוווסט, וואָס ער וויל צעשטערן. פאַר אים איז געלעגן פונאַנדערגעשפּרייט אַ ממשותדיקייט פול מיט כאַראַק־טער; דער „יאָ" האָט נאָך נישט קלאָר געוווסט וואָס ער וויל בויען, פאַר אים האָבן זיך געצויגן אומבאַקאַנטע ווייטקייטן, נעפּלדיקע, ווי נאָר די צוקונפט אַליין קען עס זיין. די כוחות פון „ניין" און „יאָ" האָבן נישט געהאַט קיין גלייכע השפּעה־געביטן.

מען קען זאָגן אַז די לעצטע ריין־אינערלעכע יידישע באַוועגונג, געקומען פון די אייגענע טיפענישן, איז געווען חסידות. אויך חסידות איז געקומען צו קאָריגירן קרומענישן, וואָס אַ לעבן גע־שטיצט אויף פּרינציפּן, האָט פּעריאָדנווייז אָנגעהויפט, אָבער זי איז געקומען אינגאַנצן פון אינעווייניק, פון אינטימסטן שויס אַרויס, אירע מיטלען זענען געווען אהבה און געניאַד. עטלעכע מאָל האָבן אין גאַנג פון די קולטור־געשיכטלעכע פּראָצעסן פון יידישן פאָלק זיך איבערגעחזרט רעאַקציעס קעגן אַ לומדות, וואָס איז געוואָרן צו אַנעמיש און אַ הלכה, וואָס איז געוואָרן צו פאָרמעל, אָבער וויבאַלד זיי האָבן, ווי חסידות און טיילווייז קבלה, — און נישט ווי די קראַים — נישט געפּרוווט אונטערגראָבן די יסודות פון דער מסורה, האָבן זיי באַרייכערט, באַפרוכפּערט און אָפּגעפרישט די גייסטיקע ווערטן פון פאָלק.

חסידות איז גאָרנישט געקומען פאַרלייקענען, נאָר פאַרקערט — ברייטער עפענען די טויערן פון יידישקייט פאַר די המונים פון פאָלק. די אויפסניי אָריינגעפירטע עבודה שבלב האָט אַקטיוויזירט גרויסע מאַסן, וואָס דער ר׳בנישער אינטעלעקטואַליזם האָט אַוועקגעשטויסן אין ווינקל פון פּאַסיוויטעט.

גאַנץ אַנדערש איז געווען די רעאַקציע פון דער השכלה אויף

די זעלבע טענדענצן פון פאַרגליוועכונג. זי איז געקומען פון דרויסן, מיט פרעמדקייט און נעגאַציע. איר רעוואָלט איז געווען „מהפכת זרים", אָן ליבע, אָן איינזעעניש, אָן אחריות פאַר דער געשיכטע, אָן ווילן צו שיצן דאָס עסענציעלע.

פּרץ איז געווען פון די ווייניק אמת גרויסע פּערזענלעכקייטן, וואָס האָבן זיך די ערשטע דערשראָקן פאַר די מעגלעכע קאָנסע־קווענצן. ער האָט איינער פון די ערשטע דערזען, אַז מ'קען נישט צעברעכן דאָס פאַס, אָן דעם, אַז דער ווײַן זאָל נישט אויסרינען. ער האָט דער ערשטער זיך גענומען ראַטעווען דעם קווינטעסענץ דורך איינ־קלאַמערן אים אין נײַע עסטעטישע פאָרמען. ער האָט דערמיט צוריקגעשטויסן די יידישע ליטעראַטור צום מקור און איר אָנגע־צייכנט אייגענע וועגן, פון זיך צו דער וועלט.

אָבער פּרץ אַליין איז שוין געקומען ווי אַ דרויסנדיקער, ווי אַ צוריקגעקומענער פון מרחקים, מער סטיליזירער פון יידישקייט ווי שאַפער. אונטער זיין השפּעה און אונטער דער השפּעה פון דער יידישער ליטעראַטור נאָך אים האָט זיך אויספאָרמירט אַ טיפּ פון אַ „סטיליזירטן ייד" אָן אינערלעך צעטיילטן, אַ פאַרבענקטן צו אַן עבר, וואָס איז צו ברוטאַל איבערגעריסן געוואָרן און וואָס אַלע פּרוּוון זיך מיט אים אויפסניי צו פאַרבינדן, האָבן אים אויסגעזען צו זיין קינסטלעך. דער מאָדערנער ייד איז געוואָרן אַ מין ליטעראַרישע אַב־סטראַקציע — וואָס קען מער נישט געפינען קיין אחיזה. מיט דער יידישער ליטעראַטור האָבן מיר צוריקגעפונען דעם וועג צום ספר, אָבער אָן דעם קלימאַט פון ספר. איז עס ווי מיר וואָלטן געפונען אַ פלאַנץ אָבער אָן דעם פאַסיקן באָדן פאַר איר געדייאונג.

עס איז אָנצונעמען, אַז די יידישע געשיכטע וואָלט אַלץ איינס אַרויף אויף דעם וועג פון אויסבויען די צוויי מעכטיקע זיילן אונ־טערצוהאַלטן די געביידע פון יידישן קיום: דעם זייל פון ארץ־ישראל און דעם זייל פון דער יידישער ליטעראַטור. אָבער אָן דעם ברוטאַלן איבעררייס פון דער השכלה וואָלטן די פאַנטאַזיעס פון אַ ר' נחמן, דער שעפערישער אינטעלעקטואַליזם פון אַ בעל־תניא, די פילאָזאָפיע פון קאָצק דורכגעמאַכט זייער אייגענעם אַנטוויקלונגס־וועג צו דער יידישער ליטעראַטור. און די יידישע באַוועגונגען מיטן ציוניזם בראש, וואָלטן זיך אָנגעקניפּט אין די אייביקע געשיכטלעכע נטיות,

וואָס כאָטש זיי זענען אויס צו זיין סתירהדיק, גייען זיי תמיד פּאַראַ־לעל אין דער יידישער געשיכטע: די נטיה צו נאַציאָנאַלער קאָנ־צענטראַציע און די צווייטע נטיה צו דערהאַלטן די אויסשפּרייטונג. געשעען איז אָבער אַזוי, אַז די דאָזיקע באַוועגונגען האָבן געצויגן זייער יחוס פון דער השכלה, וואָס האָט אין איר שורש געטראָגן נעגאַציע און פאַרלייקענונג. אָבער לאָמיר פריער אַביסל נאָענטער אַנאַליזירן דעם מהות פון די וועלטלעכע באַוועגונגען.

דער ציוניזם, האָט פאַרוואַנדלענדיק די מסורהדיקע סייגים און גדרים אין טעריטאָריאַלע צוימען, איינגעהאַלטן אַ האַלב פּנים פון פאַרלייקענונג, געירשנט פון דער השכלה אין דער פאָרם פון שלילת הגלות. ער האָט אָבער דערביי זיך געמאַכט פאַרגעסן, אַז גלות האָט נישט געמיינט בלויז אַ צושטאַנד, אַ „רעזולטאַט פון באַדינגונגען", נאָר אַ געשיכטלעכער ווילן און אַ גורלדיקע דעציזיע. עס האָט גע־מיינט אונטערצושטרייכן, אַז „די עקזיסטענץ פון פאָלק בלייבט אומאָפּהענגיק פון פּאָליטישע תנאים, אַז קיום האומה איז מחוץ פון אַלע אויסערלעכע און צייטווייליקע אומשטענדן". עס איז בכלל נישט בויטיק געווען דעם ציוניזם אין פעריאָד פון פאַרן חורבן, אין דער תקופה פון פאַמעלעכער, עטאַפּנווייזער הגשמה צו לייגן דעם אַקצענט אויף דער נעגאַציע. דאָס באַטאָנען די פּאָזיטיווע זייט, די זייט פון דער אייביקער בענקשאַפט צו גאולה וואָלט גענוג געווען. די פאַר־נייגונג האָט בלויז געהאָלפן צעשטערן די יסודות פון אויספאַרמירטן סדר און שטערט נאָך היינט אין ישראל גופא אויסצוגעפינען דאָס אייגענע פּנים: מיינט דאָך גלות נישט בלויז טעריטאָריאַלע אויס־שפּרייטונג, נאָר די גאַנצע אייגנאַרטיקע סטרוקטור, וואָס ער האָט באַשאַפן.

דער אַנטי־ציוניסטישער וועלטלעכער נאַציאָנאַליזם האָט זיין האַלב פּנים פון פאַרלייקענונג, וואָס ער האָט געירשנט פון דער השכלה, געוואָנדן צו דער רעליגיעזער מסורה. ער האָט אַקצעפּטירט דעם גלות און נעגירט די יסודות אויף וועלכע דער גלות האָט זיך געהאַלטן. אין זיין אַנטי־ציוניסטישער פאַרבלענדונג האָט ער בלויז געזען די היסטאָרישע נטיה, זיך צו מאַכן אומאָפּהענגיק פון פּאָלי־טישע אומשטענדן און נישט די צווייטע פּאַראַלעלע, נאָך שטאַרקערע נטיה צו קאָנצענטראַציע, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק אין אַלע

תפילות אין דער גאַנצער ליטעראַטור און אין אַלע משיחישע באַ־וועגונגען.

די קאָנסעקווענטע יורשים פון דער ריינער השכלה אין איר טאָטאַלער פאַרלייקענונג, זענען די יורשים פון בונדישן אַנטי־ציוניסטישן סאָציאַליזם — די יידישע קאָמוניסטן. דער קאָמוניזם האָט נישט קיין טאָפּלט פּנים. ער איז פולע פאַרלייקענונג פון עבר און טאָטאַלע רעזיגנאַציע פון דער צוקונפט. פונקט ווי זיין שטאַם־פאָטער, די השכלה, האַלט ער, אַז ליכט און אויפקלערונג קענען נאָר קומען פון דרויסן און די ליקווידאַציע פון נגישות און רדיפות קען נאָר קומען מיטן ליקווידירן דעם סוביעקט פון די רדיפות — דאָס יידישע פאָלק אַליין.

די יידישע רעאַליטעט גופא איז פאַר די יידישע קאָמוניסטן בלויז איינע פון די סימנים פון „שלעכטן סיסטעם" (קאַפּיטאַליסטישן), וואָס דאַרף צוזאַמען מיטן סיסטעם אָפּגעשאַפט ווערן. אין דער נייער אויסגעטרוימטער צוקונפט, קען נאָך אפשר זיין אַן אָרט פאַר יידן, ווי פאַר פיזישע יחידים, אָבער נישט ווי אַ פאָלק, מיט גייסטיקע אַטרי־בוטן פון אַ קאָלעקטיוון קערפער. דאָס האַלבע פּנים פון „יאָ", וואָס אַלע וועלטלעכע באַוועגונגען האָבן באַהאַלטן פאַר דער צוקונפט פון זייער אייגן פאָלק איז דאָ געוואָרן צום אינטערנאַציאָנאַל. פאַר זייער אייגן פאָלק קענען זיי מער נישט האָבן ווי פולע פאַרלייקענונג.

אויב עס איז פאַראַן אַ מעגלעכקייט צו קאָרעגירן פעלערן באַ־גאַנגענע אין מאַסשטאַב פון געשיכטע מוזן מיר קומען צו אַזעלכע אויספירן:

צוויי נטיות ציען זיך פאַראַלעל אין דער טויזנטער־יערי־קער געשיכטע פון יידישן פאָלק. די נטיה צו קאָנצענטראַציע, גאולה־בענקשאַפט און די נטיה צו עקספּאַנסיע — צו שאַפן אומעטום צענטערס פאַרן קיום האומה. ביידע נטיות זענען געווען די זיילן, וואָס האָבן אונטערגעהאַלטן יידישקייט ווי אַ וועלט־באַנעם און איר געגעבן איר גאַנצקייט. די היסטאָרישע גאַנצקייט קען נאָר צוריק אָפּגעפונען ווערן דורך צוריקשטעלן דעם פרייען לויף פון ביידע פאַראַלעלן, פון ביידע היסטאָרישע טענדענצן. דער גלות איז זיכער נישט קיין גליק, אָבער איז ער פאַראַן, איז דאָס גרעסטע גליק איינצוהאַלטן זיין כאַראַקטער, נישט פאַרלייקענען די ווירקלעכקייט

אים צו דערשטיקן, נאָר זיך צו רעכענען מיט אים און מיט אַלע זיינע שאַפערישע פּאָטענצן, וואָס ליגן אין אים.

דערביי זענען גלות און גאולה נישט דווקא באַגריפן, וואָס דעקן זיך בלויז מיט פיזיש טעריטאָריאַלן אינהאַלט. עס זענען גייסטיקע באַגריפן, אָנגעלאָדן מיט אַ היסטאָרישער פּראָבלעמאַטישקייט, וואָס קאָן זיך נויטיקן אין אַ לייזונג, ווען אַפילו דער פולסטער קיבוץ־גלויות זאָל אַמאָל רעאַליזירט ווערן.

פעסטשטעלן מוזן מיר אָבער, אַז ביי די איצטיקע באַדינגונגען קען די אָפּשאַפונג פון גלות נישט זיין קיין רעזולטאַט פון אַ טאָטאַלער עליה, נאָר פון אַ פולער אַסימילאַציע. דעריבער איז שוין איצט געזונטער צוריקצושטעלן דעם צוויי־זייליקן פונדאַמענט פון אונדזער קיום־געביידע: קאָנצענטראַציע און עקספּאַנסיע, ארץ־ישראל און די פולע אַקצעפּטירונג פון עבר; איינגלידערונג אין די פאָלקס־אוצרות פון אַלע גייסטיקע ווערטן, וואָס פון תלמוד בבלי איבער מדרשים, פון קבלה ביז חסידות, צו דער יידישער ליטעראַטור, האָבן זיי פאַר־מירט די פּסיכיק, באַרייכערט און אַן אַ שיעור פאַרגרעסערט דעם גייסטיקן פאַרנעם פון פאָלק. עס מיינט צוריקבאַקומען אַ גאַנץ און אייגן פּנים. ווען עמענסביידע זייטן זענען פּאָזיטיוו געוואָנדן צום עבר און גרייטן צוזאַמען צו זיין צוקונפט.

# פראַצעסן און ווידויים

די חטאים פאַר וועלכע מען איז זיך מתוודה פאַר גאָט זענען נישט קיין אינדיווידועלע, נישט דער, אָדער יענער יחיד קלאַפּט זיך אין האַרץ פאַר זינד, וואָס ער איז באַגאַנגען, נאָר דער גאַנצער כלל בעט פאַרגעבונג, פאַר אַלע מעגלעכע זינד, וואָס מיר אַלע האָבן געזינדיקט, אָדער געקענט האָבן געזינדיקט, ווי מענטשן, ווי שוואַכע בשר ודמס, ווי באַשעפעניש, וואָס זענען פון דער נאַטור געטריבן צום שלעכטן. כי יצר לב האדם רע מנעוריו.

גלויבן מיר, אַז צומאַרגנס נאָך דער ווידוי וועלן מיר זיין בעסער, ריינער, איידעלער, באַפרייט פון אַלע שוואַכקייטן און שלעכטע נטיות? ניין. אָבער מיר רעדן זיך אַראָפּ פון האַרצן, מיר טענהן זיך אויס, מען איז זיך מער מתוודה פאַר האָבן די שוואַכקייט צו קענען זינדיקן, ווי פאַר די זינד אַליין. אין יעדער ווידוי, זענען אין דער אמתן פאַראַן טענות, פאַרוואָרפן צו גאָט אַליין פאַר געבן אונדז די דאָזיקע שוואַכקייטן. „באַשאַפער פון מענטשנס האַרץ, פאַרוואָס האָסטו מיך געמאַכט פאַר אַ שטרויכלונג צו דיר?" פרעגט איוב. די דאָזיקע שאַרפע טענה הערט זיך אין אַלע אשמנוס און בגדנוס שוין דערמיט אַליין, וואָס זי ווערט געזאָגט אין רבים. נישט איך, נאָר מיר אַלע האָבן זיך פאַרשולדיקט. און מיר זענען דאָס אַליין די, וואָס ענטפערן אויף די דאָזיקע טענות מיט אַ פייערלעכן ונסלח לכל העם הזה, כי לכל העם בשגגה.

איז די ווידוי פאַר גאָט, נישט קיין דערנידעריקנדיקע, פאַרקערט, זי גלייכט אַלעמען אויס. מיר קענען אַלע זיין שולדיק, און ביי געוויסע אומשטענדן זענען מיר, ווער ווייס, אַלע קאַנדידאַטן צו זיין זינדיקער און פאַרברעכער. אַנדערש איז עס, ווען מען דאַרף זיך

מתוודה זיין פאַרן מענטש. די דאָזיקעווידוי פון איין מענטש פאַרן צווייטן איז אַ דערנידעריקנדיקע, אַ דיסקרימינירנדיקע. זי איז משמע „איך בין זינדיק, דו אָבער, וואָס משפּטסט מיך ביסט גערעכט. איך בין שולדיק, דו אָבער, וואָס האָסט גראָד, די מאַכט און קראַפט מיך צו באַשולדיקן, ביזט אומשולדיק. איך בין אַ פאַרברעכער און פאַררעטער, דו אָבער, מיין נעכטיקער חבר, וואָס קוויקסט דיך מיט מיין דערני־דעריקונג, דו וואָס ברענגסט מיך אום פיזיש און מאָראַליש, ביזט פול מיט חסד.

די אַטעאיסטישע קירך פון קאָמוניסטישן קולט האָט צווישן אַנדערע ירושות פון דער רעליגיעזער קירך, אויך איבערגענומען די ווידוי פון זינדיקן, מיטן אונטערשיד, וואָס זי מוז זיין אַן איג־דיווידועלע און אַן עפנטלעכע. מיט נאָך אַן אונטערשיד, וואָס די תשובה פון אפּיקורס אין דער קאָמוניסטישער קירך פועלט נישט, ווייל זי איז נישט געגעבן געוואָרן ווי אַ תנאי צו פאַרגעבונג, נאָר ווי אַ מיטל פאַר דערנידעריקונג. זי האָט נישט די זעלבע פונקציעס, וואָס די רעליגיעזע תשובה, אויף וועלכער עס איז געזאָגט, כי לא חפץ ה׳ במות הרשע, כי אם בשובו מדרכו וחיה. דאָ, מוז נאָך דער תשובה נאָכקומען דער טויט. צוערשט תשובה, ווידוי, דערנאָך אַז דו האָסט אָנערקענט דיינע זינד, איז נישטאָ קיין אָרט פאַר דיר אויף דער ערד, דיין תשובה איז, דאָך אַן איפּגעצוווּנגענע. דו טראַכסט דאָך אַנדערש, ווי דו זאָגסט. דער פאַרביטערטער קרבן מוז אומגע־ברענגט ווערן, אַז נישט וועט ער זייען סם און פאַרביטערונג. נישט בחינם האָט מען אויף אַלע באַשולדיקטע אין די קאָמוניסטישע פּראָ־צעסן אויסגעפירט דעם טויט־אורטייל נאָכן מודה זיין.

אין די אַלע משפּטים נוסח קרעמל, איז נישט אַזוי דער בול־טער שקר, וואָס פילט אונדז אָן מיט גרויל אַזן שוידער, ווי די טראַ־גישע, אוממענטשלעכע, מאַקאַברישע האַרמאָניע, וואָס הערשט צווישן די באַשולדיקער און די באַשולדיקטע, צווישן הענקער און קרבן, אַ מין אונטערוועלט־פאַרשטענדיקונג צווישן „בלאַטע״. אין אַלע פּראָצעסן, וואָס דעספּאָטישע רעזשימען האָבן מאָנטירט מיטן ציל צו קאָמפּראָמיטירן זייערע קעגנער, האָבן זיי שטענדיק איבער־געלאָזט דעם פּאָליטישן, רעליגיעזן, אָדער נאַציאָנאַלן קעגנער די רעכט צו בלייבן אַ קרבן, און לאָזן די דאָזיקע טרויעריקע פּריווי־

לעגיע פאַרן געמשפּטן איז נאָך געלעגן אַ לעצטער פונק פון גע־וויסן, פון הומאַניזם, אַ געוויסע פייערלעכקייט פון מאַרטיראָלאָ־גיע, וואָס דער שונא אפילו האָט אויך נישט געוואָגט אָפּצונעמען; דער פאַרמשפּטער איז אַוועק מיט דער אָרעאָלע פון אַ קרבן און דער תלין, אים צונעמענדיק דאָס לעבן, האָט מסכים געווען אים צולאָזן לכל הפּחות די עקידה־אָרעאָלע.

בלויז די קאָמוניסטישע קירך האָט אויסגעפונען אַזאַ שלימות־דיקן סיסטעם פון אינקוויזיציע, ווו דער געמשפּטער זאָגט זיך אָפּ פון זיינע רעכט צו זיין אַ קרבן און אָראָפּרייסנדיק פון זיך מיט דער גרעסטער ליידנשאַפט די מלבושים פון אַ מאַרטירער, גיסט ער זיך צונויף אין אַ פולשטענדיקער אידילישער האַרמאָניע מיט זיין באַ־שולדיקער און הענקער.

ווען גאַליליי וואָלט געגאַנגען צום שייטער אין די צייטן פון טאָטאַלן משפּט, וואָלט ער נישט געזאָגט „און דאָך דרייט זי זיך". ניין, די ערד טאָר זיך נישט דרייען. מיטן פאַרלייקענען זיין לעבנס־תורה, וואָלט ער אַריינגעשפּרונגען אין פייער. די קריסטלעכע קירך האָט דערלאָזט, אַז עס זאָלן פאַרברענט ווערן אַפּיקורסים. די ריינ־קייט פון דער נשמה, פון די זינדיקע, האָט זי אָפּגעלייגט אויף שפּע־טער, אויף עולם הבא. אין אוניווערס פון טאָטאַלער מאַטעריע, ווו אַלץ מוז געשען גלייך אויף אונדזער ערדישער וועלט, מוז דער קרבן שטאַרבן אַ ריינער. ער מוז אַוועקגיין פון דער וועלט אין פולער האַרמאָניע מיט זיינע באַשולדיקער און הענקער.

אַלע פּראָצעסן פון מאָסקווע האָבן ביז איצט ביי אַלע מענטשן, ביי וועמען עס איז וואָך אַ נאַטירלעך געפיל פון מענטשלעכער סאָ־לידאַריטעט, געוועקט די טיפע איבערצייגונג, אַז די באַשולדיקונגען זענען אוממעגלעך. דווקא די נישט־קאָמוניסטישע וועלט האָט געהאַט די אינערלעכע זיכערקייט, אַז אין דער שפּיץ פון די קאָמוניסטישע באַוועגונגען קענען נישט שטיין בלויז פאַרעטער, שפּיאָנען און באַנ־דיטן. זיי אָבער, די קאָמוניסטן, האָבן יאָ געגלויבט אין אַלע אומ־דערהערטע באַשולדיקונגען אויף זייערע פירער און חברים. זייער שכר איז, אַז קיינער פון זיי קאָן נישט ביישטיין דעם ניסיון און מוז זיך מודה זיין אין נישט באַגאַנגענע פאַרברעכנס. אַנדערש קאָן עס

נישט זיין. ווען מען אַקצעפּטירט אַ סיסטעם פאַר אַנדערע, פאַר נאָענטע חברים, מוז מען אים לסוף אויך אַקצעפּטירן פאַר זיך.

ווידוי געהערט איצט צום סאַמע וועזן פון קאָמוניזם. עס איז דאָס כישוף־ראָד, פון וועלכן קיין שום קאָמוניסט קען זיך מער נישט אַרויסדרייען. עס איז דאָס צויבער־שפּיגעלע, וואָס לאָקט און פאַנגט זיינע קרבנות.

פונוואַנען נעמען מיר די זיכערע איבערצייגונג, אַז אין די אַלע פאַלן האָבן מיר פאַר זיך דעם מאָדערנעם „וועלטלעכן" עקוויוואַלענט פון די מיטלאַלטערלעכע מכשפות־פּראָצעסן? בלויז אַ נאַטערלעך, מענטשלעך, אינערלעך געפיל פון סאָלידאַריטעט זאָגט עס אונדז אונטער.

פונוואַנען ווייסן מיר, אַז דער בלוט־בלבול איז שקר? ווו איז דאָ די גאַראַנטיע, אַז יעדעס מאָל ווען אַזאַ חשד אַנטשטייט איז ער אויסגעטראַכט? איך האָב עס נישט געטאָן, איר האָט עס נישט געטאָן, אָבער אין אַן ערגעץ־לאַנד דורך, אַן עמעץ־האַנט האָט דאָך אַזאַ פאַרברעכן געקענט באַגאַנגען ווערן? נישט אין רעכט־געזעץ און נישט אין דער לאָגיק וועט איר דערויף באַקומען אַ תשובה. אָבער אין אונדזער נאַטירלעכן, אינערלעכן שותפות־געפיל וועט איר באַקומען די גאַנץ קאַטעגאָרישע תשובה: אוממעגלעך, יעדעס מאָל, ווען אַ בלוט־בלבול איז ערגעץ־ווו אַרויסגעשוווּמען, האָבן מיר געוווּסט, געפילט דעם שקר, די רשעות, די באַהאַלטענע, בייזע כוונה. קיין שום נישט־ייִד האָט נישט געקענט האָבן די זעלבע זיכערקייט, וואָס מיר. ער האָט געקענט פאַרשטיין, געקענט ערלעך נאָכפאָרשן און אויסגעפינען דעם אמת, אָבער זיכער זיין לכתחילה, האָבן דאָס געפיל אַפּריאָרי, וועגן דער אויסגעשלאָסנקייט האָבן נאָר מיר גע־קענט האָבן דורך אַ נאַטירלעכן, שותפותדיקן שטאַם־געפיל.

פאַראַן אויך ברייטערע כלל־מענטשלעכע שותפות־געפילן, וואָס קומען פון ביסל גלויבן, וואָס איז אונדז נאָך געבליבן אין מענטש בכלל. דאָס איז געווען דער פאַל מיט די מאָסקווער פּראָצעסן. אַלע מענטשן, וואָס האָבן נישט געטריבן און נישט אַרויסגעריסן פון זיך דאָס נאַטיר־לעכסטע געפיל פאַר וואָג און מאָס פון אמת און שקר, וואָס עס גיט אונדז דער מענטשלעכער אינסטינקט פון סאָלידאַריטעט האָבן גע־זאָגט: ניין, נאָר יענע סעקטאַנטן, וואָס האָבן פאַרלוירן די אינסטינקט־

טיוּוע מאָס, וואָס האָבן פון זיך אַרויסגעריסן דאָס מענטשן־בשותּפות־דיקע געפיל און זיך איינגעשלאָסן אין אַן אומנאַטירלעכער, ענג־קרייזיקער און ענג־האַרציקער סאָלידאַריטעט פון שקר האָבן גע־זאָגט יאָ.

פאַראַן אויך סאָלידאַריטעטן פון שנאה. יעדעס מאָל, ווען אַ ייד וועט אָנטרעפן אויף אַ בפירושן אַנטיסעמיט וועט ער אין אים דערשפּירן דעם שונא אויפן ערשטן בליק. ער וועט אין אים גלייך דערקענען דעם מענטש, וואָס האָט זיך איינגעשלאָסן אין אַן אומ־דערקלערבאַרער סאָלידאַריטעט פון שנאה. קיין שום אַרגומענטן ווען דאָ נישט העלפן. אַלע איבערצייגונגען זענען אַרויסגעוואָרפן. מיר האָבן דאָ פאַר זיך „אַן אַנטיסעמיט", דאָס מיינט אַ מענטש, וואָס האָט פיינט דעם ייד, צי ער קען אים יאָ אָדער נישט. אָן סיבה, זיין שנאה איז אַן אומפּערזענלעכע. דאָ ליגט אויך אַ שותּפות־געפיל, אַ געפיל פון אַן ענגען קרייז פון מענטשן, וואָס האָבן זיך אויסגעבויט אַ וועלט פון בלינדע פאָראורטיילן.

אין דעם זין, זענען קאָמוניסטן ענלעך צו אַנטיסעמיטן: מיטן אַקצעפּטירן דאָס אומוואַרשיינלעכע, דאָס אוממעגלעכע און דווקא אַנהויבנדיק פון זיך אַליין: „מיר זענען אַלע פאַרברעכער". און נישט בלויז אין דער פּאָטענץ, נאָר דע פאַקטאָ. נישט זינדיק איז בלויז די אַבסטראַקטע „ליניע" און די העכסטע מאַכט, וואָס אידענטיפיצירט זיך מיט איר.

פונקט ווי עס איז נאָך קיינמאָל קיין מערדער נישט געלונגען אָפּצווּוישן אַלע שפּורן פון זיין פאַרברעכן, אַזוי איז נאָך קיינמאָל קיין פאַרברעכערישן רעזשים נישט געלונגען צו פאַרשטעקן און פאַרטושן אויף אייביק אַלע בלוט־פלעקן פון זיינע רציחות, אַלע פעדים פון זיינע אינטריגעס און בלבולים, וואָס ער ווענדט אָן צו פאַרשטאַרקן און פאַרפעסטיקן אויף אַ צייט זיין וואַקלדיקע מאַכט. עס קומט אַ צייט, ווען אַרכיוון עפענען זיך, ווען געשיכטע־ביכער לייענען זיך אַליין און אַנטפּלעקן אַלץ, וואָס טיראַניעס און דעספּאָ־טיעס האָבן אויף אייביק געוואָלט פאַרהתמענען.

אויסגעלייגט, מיט אָפענע בלעטער ליגן פאַר אונדז היינט די געשיכטעס פון די צעזאַרן און זייערע מעשים, פון דער קאַטוילישער

אינקוויזיציע און אירע מעשים און בלבולים, פון צאַריזם און זיינע
מעשים טובים...

עס האָבן די אָרגאַניזירער פון ביילים־פּראָצעס נישט געוווּסט,
אַז פונקט אין זייערע צייטן וועט דאָס מעסטל איבערגיין. זיי האָבן
נישט געוווּסט, אַז די האַנט, וואָס שרייבט מיט אַ געהיימער שריפט
די פיר ווערטער: מנא, מנא, תקל ופרסין, אויפן גורל פון מלוכות
און הערשער, האָט גראָד פאַרענדיקט איר אַרבעט, און זיי וועלן זיין
פערזענלעך פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער רשעות פון גאַנצן רעזשים.

עס האָט אָבער נאָך קיינמאָל נישט געטראָפן, אַז דער ספר
הזכרונות פון דעספּאָטיעס זאָל זיך אַן עפן טון נאָך במשך פון דער
קאַדענץ פון דעספּאָטישן רעזשים אַליין, אַ בלעטל זאָל זיך אַ מיש
געבן, זיך אַליין אַרויסלייענען און באַשטעטיקן אויף זיך אַליין דעם
אַנגסטיקן חשד. אַזעלכער איז געווען דער פאַל מיט דעם דאָקטוי־
רים־בלבול פון יאָר 1953 אין מאָסקווע. די אַרכיוון האָבן ווי פון
זיך אַליין זיך אַ בלעטער געטאָן. און זיך אָנגעהויבן לייענען
פּראָטאָקאָליש: „יאָ, מיר באַשטעטיקן, געווען אַ בלבול, אויפגעצוווּנ־
גען. די אומשולדיקע ווערן באַפרייט. די שולדיקע ווערן באַ־
שטראָפט“. די וועלט האָט פאַרהאַלטן דעם אָטעם. געוואַרט, אַז דער
„העפּי ענד“ זאָל זיין, וואָס סענסאַציאָנעלער, אַז נאָך בלעטער זאָלן
זיך מישן און מישן, און אַרויסלייענען שוין איצט, שוין אין לעבן
פון אונדזער דור דאָס אַלץ, וואָס איז מיט מענטשן געטאָן געוואָרן
אין נאָמען פון אַ גרויסן ציל... ווען דער ציל האָט זיך ערגעץ־ווו פאַר־
האַלטן אין וועג און די מיטלען זענען געבליבן; מען האָט דערוואַרט,
אַז די אַרכיוון זאָלן זיך צעשרייען און צעטראָגן איבער דער וועלט,
דאָס אַלץ, וואָס איז געטאָן געוואָרן אין נאָמען פון אַנאָנימען קאָ־
לעקטיוו, וואָס אַלע יחידישע ווילנס האָבן געזאָלט אונטער אים גע־
בויגן ווערן און געמאַכט האָט זיך עפּעס אַזוי, אַז דער קאָלעקטיוו
איז געבויגן געוואָרן אונטער דעם ווילן פון יחידים, אויסדערוויילטע
פון דער „דיאַלעקטישער השגחה“ צו זיין די גאַראַנטירער, שיצער
און אויספירער פון קאָלעקטיוון ווילן. אָבער דער געשיכטלעכער
„העפּי ענד“ האָט זיך פאַרהאַלטן אין מיטן גאַנג. עס איז נאָך נישט
די צייט. דאָס מעסטל איז נאָך נישט איבערפולט. דער פּראָצעס —
אין אַלע זיינע טייטשן — דויערט.

אַפּריל 1953.

# דאָס נאַציאָנאַלע און אוניווערסאַלע
# אין יידישן וועלט-באַנעם

צי גאָט האָט טאַקע געמאַכט פון די בני־ישראל זיין אויסדער־וויילט פאָלק, אין דעם האָבן מיר רעכט מסופק צו זיין — עס וואָלט איבעריקנס געווען אַ קנאַפּער פאַרדינסט אַזאַ במתנהדיקע בחירה — עס קאָן אָבער קיין שום ספק נישט זיין, אַז דאָס יידישע פאָלק האָט באַלד אין סאַמע אָנהויב פון זיין אויפטריט אויף דער פעלקער־אַרענע אויסדערוויילט גאָט ווי אַ נאַציאָנאַלע און אוניווערסאַלע אידעע, ווי אַן אידעאישן און עטישן וועלט־באַנעם.

דאָס יידישע פאָלק האָט דערמיט באַשטימט זיין אייגענעם וועג און זיין גורל, זיך דערמיט אויסגעטיילט פון די עלטסטע צייטן אָן פון צווישן די פעלקער. אין דעם זינען איז זיין בחירה אַ זיכערע, אַ באַשטימטע און גורל־באַשטימענדיקע. די באַשטימונג איז געקו־מען פון די אינערלעכע טיפענישן. ישראל האָט זיך געגעבן אַ וועג, זיך דערוויילט אַ גורל, אַ גורל אַ טאָפּלטן אין פלוג, אַ קעגנגעזעצטן: פון אַ פאָלק אַן אָפּגעזונדערטן און פון אַ פאָלק אַ וועגווייזער, אַ טרע־גער פון ליכט און אחדות צו די פעלקער.

ווי קאָן אַ פאָלק, וואָס האָט שוין אין זיינע היסטאָרישע קינדער־יאָרן באַנומען דאָס קול פון דער אַבסאָלוטער אחד־אידעע, פון גע־דאַנק צו דערפירן אַלע לפנימדיקע פאַרשיידנקייטן פון אוניווערס צו איין און זעלביקן מקור, עס בלויז באַהאַלטן פאַר זיך? זוכט עס זיך אַ וועג צו דער וועלט, אויסצושטראַלן די אידעע פאַר אַלע פעל־קער; עס מוז פון דער אַנדערער זייט כסדר זיך ווערן פון דער סכנה נישט צו ווערן אויפגעלייזט טאַקע דורך דער אייגענער כסדרדיקער באַשטרעבונג צו זיין אַ „ליכט פון די פעלקער", ווערן ביידע קעגנ־

געזעצטע עלעמענטן פון „עם לבדד" און „נס לגויים" אין שטענ־דיקן געראַנגל נאָך מער פאַרפעסטיקט און אַקצענטירט.

צוזאַמען מיט דער וואָס אַמאָל ענגערער צוזאַמענגיסונג פון ביידע עלעמענטן פון אַן אָפּגעזונדערט פאָלק און פון אַ טרעגער פון אַן אוניווערסאַלער אידעע גייען אָבער אויך אָן קעגנשטראָמען, וואָס שטרעבן צו צעגלידערן די באַהאָפטענע עלעמענטן. די קעגנשטראָ־מען זענען פון איין זייט געווענדט קעגן עול פון זיין דער טרעגער פון אַ וועלט־אידעע, אַ רעוואָלט פון המון קעגן דער שליחות פון והוכיח לעמים רבים, פון דער צווייטער זייט, האָבן זיך אין אַלע צייטן געפונען „אידייען־טרעגער", וואָס זענען גרייט געווען מוותר צו זיין אויפן עם לבדד ישכון, לטובת דער אַבסטראַקטער אידעע. עס איז אָבער קיינמאָל נישט געלונגען די ערשטע, די רעוואָלט־רער אין נאָמען פון והיינו גם אנחנו ככל הגויים, צו באַצווינגען דעם אוניווערסאַלן איינשטעל פון יידישן פאָלק. עס האָט קיין ייד קיינ־מאָל נישט פאַרשטאַנען און פאַרשטייט נאָך היינט נישט, אַז בלויז דער ווילן צו זיין אַ סתם־פאָלק גלייך מיט אַנדערע פעלקער זאָל שוין קענען זיין אַ גענוגנדיקע טרייב־קראַפט אויפצוהאַלטן אונדזער קיום־ווילן. די צווייטע, די הוילע אידייען־טרעגער, זענען שטענדיק געבליבן מחוץ למחנה, דאָס יידישע פאָלק האָט זיי פון זיך אַרויס־געוואָרפן און אַליין ווייטער געבליבן דער אָפּהיטער פון דער גרוי־סער אוניווערסאַלער אידעע, וואָס איר פאַרווירקלעכונג זעט זיך באחרית הימים און פאַר וועמענס טעאָפּנווייזע דערגרייכונגען עס האָט אויף זיך גענומען צו זיין דער פאַרזאָרגער און פאַרקעמפער.

קיינמאָל האָבן די עלעמענטן פון נאַציאָנאַלן און אוניווערסאַלן נישט געקענט פונאַנדערגענומען ווערן ביים יידישן פאָלק. ווי אַ פאָלק־רעליגיע, ווי אַ פאָלק־אידעע האָט זיך דאָס יידישע פאָלק אַליין געזען, ווי אַזעלכעס האָט עס זיך געהאַלטן און אַזוי האָט עס זיך כאַראַקטעריזירט און סימבאָליזירט אין דעם, וואָס איז אַמייסט כאַראַקטעריסטיש פאַר אַ פאָלק, אין זיין מיטאָס, וואָס ס'האָט גע־שאַפן וועגן זיין אָפּשטאַם און היסטאָרישן אָנהויב.

*

די וווּנדער־מעשות, וואָס פעלקער דערציילן וועגן זייערע נאַ־ציאָנאַלע קינדער־יאָרן, דורך וועלכע זיי באַלייכטן די אין טונקלקייט

איינגעהילטע געבוירן־טעג, זענען אַלעמאָל כאַראַקטעריסטיש פאַרן וועלט־באַנעם פון די באַטרעפנדיקע פעלקער, זיי וואַרפן אַ העלן שיין אויף דער קאָלעקטיווער פאָלקס־נשמה. מיט רעכט ווערן זיי באַאַרבעט און באַנייט פון די דיכטער פון אַלע צייטן, נייע ווערטן און נייע טייטשן ווערן אין זיי אַריינגעלייגט, אָבער דאָס וועזנטלעכע, דאָס סימבאָלישע, דאָס וואָס באַהעלט דעם אור־כאַראַקטער פון זייערע שעפער, קוקט פון זיי שטענדיק אַרויס.

אַזוי איז עס מיט די מיטאָלאָגיעס פון די אַנטיקע פעלקער, אַזוי איז עס מיט די „העלדן־זאָגן" און „ניבעלונגען"־געזאַנגען פון די שפּעטער זיך באַוויזנדיקע פעלקער. אין זייערע בראשית־אגדות, אין זייערע גבורים־געזאַנגען ליגט שוין אָנגעצייכנט דער גאַנצער וועג פון זייער ווייטערדיקן געשיכטלעכן גאַנג. פּונקט אַזוי ליגט שוין אויך אין די חומש־מעשות וועגן די אבות, אין די מעשות פון יציאת מצרים, אין די נסים פון ים, אין געזאַנג פון „אז ישיר" דער גאַנצער יידישער וועלט־באַנעם און כאַראַקטער פון אויפקום פון יידן אַלס פאָלק ביז צום היינטיקן טאָג.

אַ פאָלק דערציילט וועגן זיינע געבוירן־יאָרן דאָס, מיט וואָס עס לעבט, מיט דעם וואָס וואָרצלט טיף אין זיין נשמה.

לאָמיר זיך נאָר דערמאָנען, וואָס דאָס פאָלק ישראל דערציילט וועגן זיינע קינדער־יאָרן:

די מעשה פון זיין ערשטן פאָטער זענען געווען צו צעברעכן די אָפּגעטער און פאַרשניידן אַ בונד מיטן אמתן איינציקן גאָט. אברהם, דער ערשטער עברי, איז אויך געווען דער ערשטער דערקענער פון דער איין־גאָט־אידעע. זיין זון יצחק און זיין אייניקל יעקב ראַטיפיצירן — מאָדערן גערעדט — דעם בונד מיט גאָט.

דאָס וויגעלע פון די בני־ישראל שטייט אין אַ פרעמד לאַנד. באַלד אין זייער געשיכטלעכן אָנהויב מאַכן זיי אַדורך אַ לאַנגען מאַרטירער־פּעריאָד. שוין גאָר פרי, נאָך אין דער דאָזיקער תקופה פון שקלאַפעריי, דערהערט דער שפּעטערדיקער באַפרייער פון יידישן פאָלק דאָס קול פון אייביקן זיין פון אהיה אשר אהיה. אויפן וואַנדער־וועג צום אויסלייז, גיט עס זיך און דער וועלט אייביקע, פאַר אַלע מענטשן און אַלע צייטן גילטיקע גרונט־געזעצן און מיט דעם אַ נאַציאָנאַלע קאָנסטיטוציע פון אַ הייליק פאָלק. ערשט באַוואָפנט מיט

דער דאָזיקער טאָפּלטקייט פון אַ פאָלק אָן אָפּגעזונדערטס און מיט אַ מאָראַל פון אוניווערסאַלן כאַראַקטער, הויבט עס אָן די דערוווּער־בונג־מלחמות און די באַזעצונג פון ביידע זייטן ירדן.

*

די שטרעבונג מער צו זיין ווי אַ סתם פאָלק, דער אידייאישער דאָרשט צו אַנדערשקייט, איז נישט געקומען דורכן גלות. באַהויפּטן, אַז דער גלות האָט גורם געווען צו דער אַנדערשקייט, הייסט פאַר־ווערקסלען די סיבה מיטן פּועל־יוצא, ווייל באמת האָט די אַנדערש־קייט גופא גורם געווען צום גלות. יידן וואָלטן קיינמאָל נישט גע־וואָרן קיין צעשפּרייט פאָלק, ווען זיי זאָלן אַזוי לייכט ווי אַנדערע פעלקער פון יענע צייטן מסכים זיין זיך אונטערצוואָרפן דעם קולט פון יון און רוים. דאָס וואָלט אָבער באַדייט אַ פולשטענדיקע פאַר־לייקענונג פון די עיקרים, אויף וועלכע עס איז געווען באַזירט זיין עצם־עקזיסטענץ, עס וואָלט זיך דערמיט רעדוצירט צו דער עקזיסטענץ פון אַ „סתם־פאָלק" און דאָס האָט דאָס יידישע פאָלק קיינמאָל נישט געקענט באַנעמען. נישט גלות האָט בכן באַשאַפן אַנדערשקייט, נאָר אַנדערשקייט האָט געגעבן די מעגלעכ־קייט צו לעבן להכעית דעם גלות. פאַרוואַנדלען אַלע אומשטענדן אין עקזיסטענץ־מעגלעכקייטן, דאָס איז געווען די באַזונדערע פעאיקייט פון יידישן פאָלק. אָן דער דאָזיקער פעאיקייט וואָלט עס נישט גע־קענט אין אונדזערע צייטן, ווען דער גלות גיט שוין נישט מער דעם מינימום גאַראַנטיע פאַרן פיזישן און גייסטיקן קיום, זיך ווידער צוריק פאַרוואַנדלען אין אַ לאַנד־פאָלק.

דאָס ביז איצטיקע קענען פאַרוואַנדלען אַלע אומשטענדן אין קיום־באַדינגונגען באַדייט נאָך נישט, אַז מיר האָבן באַקומען אַ גאַראַנטיע פון נצחיות. נצח ישראל איז נישט עפּעס אַ מין גע־שיכטלעכע שטעכלדראָט, אונטער וועלכער דאָס פאָלק ישראל — אָדער אַלעמאָל אַ נייער שארית־הפּליטה פון אים — איז גאַראַנטירט מיט אייביקן שוץ. גיכער קאָן וועגן נצח־ישראל געזאָגט ווערן דאָס זעלבע, וואָס וועגן בחירה. אויך די אידעע פון נצחיות איז נישט קיין אומפּאַרדינטע פּריווילעגיע, וואָס איז דעם יידישן פאָלק צוגעוואָרפן געוואָרן ווי אַ מתנה און אַ גאַראַנטיע אָן תנאים. נצח ישראל איז די אידעע פון אינערלעכער טריישאַפט צום יסוד, צום

כאַמע זין פון זיין נאַציאָנאַלער געשיכטע. די נצחיות איז במילא אַזוי לאַנג גילטיק ווי לאַנג עס לעבט אין די טיפענישן פון פאָלק די שטרעבונג צו דערהאַלטן די לייט־אידעע און דאָס קול פון אוני־ווערסאַלן אחד, וואָס דאָס אויער פון פאָלק האָט פאַרנומען אין זיינע קינדער־יאָרן! די נצחיות ווי די בחירה קומען פון אינעווייניק און זענעןביידע אָפּהענגיק פון דער דעצידירטקייט פון יידישן פאָלק און פון זיין גלויבן אין די וויכטיקייט פון זיין נאַציאָנאַלער עקזיס־טענץ אין פאַרבינדונג מיט דער אוניוווערסאַלער אידעע און מיט דער גאַנצער הומאַניטאַרער עטיק, וואָס פליסט פון איר אַרויס.

*

אין אונדזערע צייטן קענען נאָר די אָנשטרענגונגען פאַר שיבת ציון געבן די גאַראַנטיע פאַר אַ וויטערדיקן עטאַפּ אין דעם צייט־לעכן לויף פון נצחיות. דער ציוניזם מער נאָך ווי ער איז געקומען פאַרענטפערן דעם פּראָבלעם פון פיזישער עקזיסטענץ — און וואָלט ער נאָר דאָס געמיינט, וואָלט מען געקענט פונקט אַזויפיל אַרגו־מענטן געפינען פאַר דער אויסשפּרייטונג ווי פאַר דער קאָנצענטראַ־ציע — איז געקומען פאַרענטפערן די פראַגע פון גייסטיקער עק־זיסטענץ, נאָר דער אומקער און קאָנצענטראַציע אין אייגענעם לאַנד קאָן היינט געבן יידן די מעגלעכקייט צו עקזיסטירן וויטער ווי אַ פאָלק. די אידעע פון שיבת ציון קאָן אָבער נישט רעדוצירט ווערן צום פּראָבלעם פון „נאָרמאַליזירונג“, נאָר פאַרקערט, זי מוז דערהויבן און אידענטיפיצירט ווערן מיט דער אייביקער שטרעבונג פון יידישן פאָלק צו רעאַליזירן די גרויסע האַרמאָניע־אידעע פון אחדות אין אוניווערס, וואָס די נביאים האָבן עס גערופן די גאָט אידעע און וואָס איז געבליבן אין תוך די זעלבע ווי מיר זאָלן זי נישט אָנרופן אין אונדזערע מאָדערנע צייטן. איז דאָך קיינמאָל נישט אין עפּעס אַנ־דערש געגאַנגען ווי אין דער באַציאונג פון מענטש צו מענטש, אַמאָל ווי אַ קאָנסעקווענץ פון אַ רעליגיעזער מאָראַל, אַמאָל ווי אַ פועל־יוצא פון אַ פילאָזאָפישער עטיק און איצט ווי אַן אויספיר פון אַ יושרדיקן סאָציאַלן אידעאַל.

*

מיר האָבן שוין אויבן דערמאָנט, אַז דעם יידישן פאָלק האָבן אַלעמאָל געדראָט געפאַרן מצד די, וועלכע האָבן געזוכט צו צעגלי־

דערן זיינע עלעמענטן פון פאָלק־רעליגיע, פאָלק־אידעע. אויך היינט לויערן די זעלבע סכנות און ווידער פון צוויי זייטן. מצד אַב־סטראַקטע סאָציאַליסטן, נישט־ציוניסטן, די „מיסיאָנערן“ פון אונדזע־רע צייטן און מצד געוויסע ציוניסטן סימפּליפיקאַטאָרן פון דער יידישער געשיכטע, וואָס רעדוצירן דעם גאַנצן פּראָבלעם צו אַ פראַגע פון „נאָרמאַליזירונג“.

די נישט־ציוניסטישע סאָציאַליסטן איז אָדער זיי האַלטן — אָפּ־הענגיק פון שאַטירונג — בכלל פאַר איבעריק די באַזונדערע עק־זיסטענץ פון יידישן פאָלק נאָך דער „פאַרווירקלעכונג“, אָדער זיי האַלטן, אַז די „רעאַליזירונג“ וועט שוין אויטאָמאַטיש פאַרזיכערן דעם קיום פון יידן. זיי „פאַרלייכטערן“ זיך די אַרבעט דורך אָנהענגען דעם גורל פון זייער פאָלק אויף די „הערנער פון הערש“, זיך פאַרטרויענ־דיק — מער אויס גלייכגילט ווי אויס נאַאיוויטעט — אויפן נישט זיכערן לויף פון דער מענטשהייט־געשיכטע.

די ציוניסטישע פאַראיינפאַכער פון דער יידישער געשיכטע שטעלן ווידער דעם טראָפּ אויף „נאָרמאַליזירונג“, זיי הויבן אַרויס בלויז דעם נאַציאָנאַלן עלעמענט, וואָס אָן דער אָרגאַנישער פאַרביג־דונג מיטן אוניווערסאַליזם, האָט ער קיינמאָל נישט ביים יידישן פאָלק אַרויסגערופן קיין באַגייסטערונג פאַר גרויסע מעשים.

*

אין דער באַהעפטונג פון ציוניזם מיט סאָציאַליזם, אין דער פאַרבינדונג פון גאולת ישראל מיטן אידעאַל פון אַ נייער יושרדיקער סאָציאַלער אָרדענונג, ליגט זיכער די אייביקע שטרעבונג פון יידישן פאָלק צו האַרמאָניזירן דאָס אינדיווידועל־נאַציאָנאַלע מיטן אַל־מענטשלעך סאָציאַלן. די סאָציאַלע אידעע איז אין אונדזערע צייטן די טרייבקראַפט, וואָס באַוועגט און שטויסט די פעלקער צו רעוואָלו־ציעס און מלחמות, צו גרויסע מעשים און צו באַרבאַרייען. די זין פון יידישן פאָלק האָבן נישט ווייניק מיטגעהאָלפן אינדיווידועל צום באַ־וועגן און טרייבן די פעלקער אויפן וועג פון אַ נייעם געזעלשאַפט־לעכן סדר, אָבער זיי זענען קיינמאָל נישט אימשטאַנד געווען אַרויפ־צולייגן אַ יידישן חותם אויפן גאַנג פון די געשעענישן. בלויז אויף דער קליינער טעריטאָריע פון ישראל, פון ווו אַזויפיל הומאַניטאַרע אידייען האָבן זיך שוין געלאָזט הערן, ווערט ווידער געגעבן דעם

יידישן פֿאָלק צו רעאַליזירן אַ ווייטערדיקן עטאַפּ אויפֿן וועג פֿון דעם נאַציאָנאַל־אוניווערסאַלן. אָבער פּונקט ווי די המונישע קנאָה צום געצנדינסט פֿון די אָרומיקע פֿעלקער האָט געזוכט צו פֿאַרשטויסן דעם נבֿואהשן אידעאַל פֿון אחד, אַזוי קומט ווייטער דער פֿרעמדן־געטער־קולט פֿון די היינטיקע פֿאַלשע נביאים, אימפּאָרטירער פֿון פֿאַלשע מוסטערן פֿון סאָציאַליזם מיטן אײביקן געשריי פֿון די כּוהנים גדולים פֿון געצנדינסט: אלה אלוקיך ישראל. אַ שטייגער ווי די בענקשאַפֿט צו אַ גערעכטער אָרדענונג וואָלט נישט געווען דער הויפּט־נערוו פֿון יידישן וועלט־באַנעם, און מיר וואָלטן ערשט באַ־דאַרפֿט זוכן אינספּיראַציע ביי באַרבאַרן, קנעכט פֿון וויסנשאַפֿטלעכע פֿאָרמולעס, וועלכע זיי טייטשן איבעריקנס לויט זייער אײנזען און אינטערעס פֿון מאָמענט.

דאָס דאַרף אונדז, אונדזער אייגן איינגעבוירן און אין גאַנג פֿון דער לאַנגער בלוטיקער געשיכטע אויסגעפּרוּווטער געפֿיל פֿון יושר, אונטערזאָגן און אינספּירירן, אַ נייעם געזעלשאַפֿטלעכן סדר.

אין שטענדיקן טראַגישן געיעג פֿון דער מענטשהייט צו אַ ווייטן ציל האָט דאָס יידישע פֿאָלק אויף זיך היסטאָריש גענומען די אויפֿ־גאַבע צו זיין דער אָנזאָגער און פֿאָרלויפֿער פֿון די עטאַפּנווייזע דער־גרייכונגען צום אָנגעצייכנטן וועג פֿון באחרית הימים. אויפֿן דאָזיקן לאַנגען און מיזאַמען וועג ליגט זיין אויסדערוויילטקייט און אײביקייט.

דער דאָזיקער וועג מוז נישט ליגן אויפֿן שליאַך פֿון גלות און מאַרטיראָלאָגיע, ווי עס מיינען געוויסע „גלותיסטן", וואָס האָבן פֿון „בדמיך חיי" געמאַכט אַ מצוות עשה, נאָר ער ליגט אין באַוווסטזיין פֿון יידישן פֿאָלק. זענען דאָך אַלע גרויסע אידייען פֿון יידישן פֿאָלק, איבעריקנס, געבוירן און אַנטוויקלט געוואָרן דווקא אין זיין לאַנד.

אָקטאָבער, 1949.

# דורך אוטאָפּיע צו ווירקלעכקייט

די האַרטע און טראַגישע דערפאַרונג פון די בלוטיקע יאָרן איז נאָך אַלץ נישט געווען ביכולת אַנצוואַרפן אויף די מענטשן און אַפילו נישט אויף יידן, די אין פייער פון גיהנום סאַמע אויסגע־פּרוווטסטע, אַ שטרעבונג צו רעווידירן און איבערצושאַצן די פּאָלי־טישע, סאָציאַלע און אידעאישע ווערטן. אַזוי גרויס איז אונדזער ליבע צו רגילות, אַזוי שטאַרק זענען מיר אַריינגעוואַקסן, אויב נישט אין געדאַנק, איז אין וואָרט, אין דער פראַזעלאָגיע פון נעכטן.

אָבער דאָס לעבן אַליין האָט זיך יאָ איבערגעשאַצט, די טראַגישע געשעענישן האָבן מיטן וואָרצל אויסגעריסן ווערטן און אונטערגע־שטעלט אנדערע. דאָס וואָס איז נאָך נעכטן געווען ווירקלעכקייט, רעאַליטעט, איז היינט מיראַזש און וויטער חלום און דאָס וואָס איז פון די „רעאַל־פּאָליטיקער” פאַרשריגן געוואָרן אַלס אוטאָפּיע איז געוואָרן דער איינציקער ווינקל־שטיין אויף וועלכן מיר האָפן עפּעס אויסצובויען אבן מאסו הבונים היתה לראש פינה.

אויב דער ציוניזם איז געווען אוטאָפּיע, איז די קבוצה־אידייע, די אידייע פון אַ קאָלעקטיווער דאָרף־ווירטשאַפט אויף פרייע יסודות געווען „אוטאָפּיע אין אוטאָפּיע”. נישט בלויז אַ לאַנד פאַר יידן האָבן יענע אוטאָפּיסטן געוואָלט אויסבויען. נאָר יידן פאַר לאַנד, איבער־בויען אַ פאָלק פאַרן איבערגעבויטן לאַנד. און פיל מער ווי די אוטאָ־פּיע, דער ציוניזם, האָט זיך די אוטאָפּיע אין אוטאָפּיע אַרויסגעוויזן פאַרן גרויסן זיגער.

דער פּאָליטישער ציוניזם האָט געמעגט זיין נאָך מעכטיקער ווי ער איז, זיינע פירער האָבן געקענט זיין נאָך איינפלוסרייכער ווי זיי זענען, זייער קול וואָלט נישט געהערט געוואָרן, ווען נישט יענע

„בטלנים", יענע אוטאָפּיסטן, וואָס האָבן מיט זיך, מיט זייער לעבן, מיט זייער אַרבעט געשאַפן אַ מוסטער, אויסגעבויט אַ יסוד, אַ פיזישע באַזע און אַ גייסטיקן גרונט פאַר אַ באַנייטער געזעלשאַפט אויף באַנייטן באָדן.

צו דער דאָזיקער אוטאָפּיע איז זיך מכוון אין זיין בוך „נתיבות באוטופיה" (וועגן אין דער אוטאָפּיע) *) דער באַרימטער פילאָזאָף און סאָציאַלער דענקער, פּראָפעסאָר פון ירושלימער אוניווערסיטעט ד"ר מאַרטין בובער. דאָס בוך ווידמעט ער זיין גרויסן פריינט דעם דייטשן סאָציאָלאָג און יידישן נביא־אידעאַליסט גוסטאַוו לאַנדויער. לאַנדויער האָט שוין בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה מיט נבואהשן רוח הקודש פאָרגעזען די קאַטאַסטראָפעס, צו וועלכע די מענטש־הייט לויפט שנעל און מיט פלאַמיקע ווערטער האָט ער קעגן דעם געוואָרנט. אַ נביא פאַר די גוים איז ער געווען און איינער פון די ערשטע (נאָך ליבקנעכט און ראָזאַ לוקסעמבורג) איז ער געפאַלן פון דער האַנט פון דער אויפשטייגנדיקער נאַצישער פעסט.

אַלס מאָטאָ צום בוך גיט בובער פאָלגנדיקע ווערטער פון בערל קאַצענעלסאָן ז"ל: „די סאָציאַלע אוטאָפּיע האָט געשטראָמט דורך פאַרשידענע קאַנאַלן צו די אַרבעטער פון ארץ־ישראל, טיילמאָל אָן זייער וויסן און אָפטמאָל קעגן אייגענעם באַוווסטזיין. און זי האָט זיך אַנטפּלעקט ווי אַ ווירקנדיקער און שעפערישער כוח, וואָס איז פריער נישט אָפּגעשאַצט געוואָרן. זי איז געקומען דווקא אין אַ צייט ווען אין דער סאָציאַליסטישער וועלט איז געפאַלן דער ווערט פון „אוטאָפּיע" און קיין שום בר דעת האָט זיך צו איר נישט געוואָלט באַהעפטן. די קבוצה און דער מושב עובדים זענען די קינדער פון סאָציאַלער אוטאָפּיע".

אין זיין בוך שטעלט זיך מאַרטין בובער פאַר אַ ציל צו באַווייזן דעם שעפערישן כוח פון דער קבוצהשער אָרגאַניזאַציע אין ישראל, ווי אַ דעצידירנדיקער פאַקטאָר פאַר דער נאַציאָנאַלער באַנייאונג פון יידישן פאָלק און ווי אַ סאָציאַלע באַזע פאַר דער קומענדיקער נייער געזעלשאַפט. אָבער דאָס, — ד.ה. דעם ציל, זעט מען ערשט אין

*) הוצאת „עם עובד" — תל־אביב, תש"ז.

סאָמע סוף פון בוך, דערוויל פאַרן דערגיין צום אייגנטלעכן ציל, אַנאַליזירט ער מיט אַזויפיל מייסטערשאַפט ווי זאַכלעכקייט אַלע מאָדערנע סאָציאַלע טעאָריעס אָנהייבנדיק פון די מאַרקסיסטן. ער פירט דאָס דורך מיט אַזאַ קאָנצענטרירטקייט פון געדאַנק און צימצום פון ווערטער, אַז מיר באַוווּנדערן נישט בלויז דאָס געזאָגטע נאָר אויך דאָס נישט דערזאָגטע, דאָס דורכגעלאָזענע, וואָס מאַכט בולט דעם עיקר און אונטערשטרייכט דאָס וועזנטלעכע.

בובער, ווי געזאָגט, הייבט אָן פון די, דורך מאַרקסן און זיינע נאָכפאָלגער מיט שפּאָט גערופענע „אוטאָפּיסטן", ער גייט דורך די אַנאַרכיסטן און פרייהייטלעכע סאָציאַליסטן פון נוסח קראָפּאָטקין און לאַנדויער, ער גייט איבער צו מאַרקסן, לעניגען און צו דער פּראַקטי־שער רעאַליזירונג פון אַ נייעם סאָציאַלן סיסטעם אין די סאָוויעטן, כדי צו דערגרייכן דערנאָך צום „עקספּערימענט וואָס איז נישט דורכגעפאַלן" אין יידישן דאָרף פון ישראל.

ער גיט אין זיין בוך — לפי ערך קורצן אין כמות, אָבער זייער רייכן אין איכות — אַ בילד פון דער אידעע אין איר אַנטוויקלונג, ד.ה. אַ היסטאָרישע שילדערונג פון סאָציאַליסטישן געדאַנק, פון זיין עיקר־שטרעבונג איבערצובויען די מענטשלעכע געזעלשאַפט, כדי אויפן דאָזיקן וועג אָנצוווייזן אויפן אינערלעכן צוזאַמענהאַנג צווישן דער יידישער קאָלעקטיוויסטישער קאָלאָניזאַ־ציע און סאָציאַליזם.

אין אָנהויב, זאָגט בובער, האָט דער צונאָמען „אוטאָפּיסטן" מיט וועלכן מאַרקס און ענגעלס האָבן באַשאָנקען די פראַנצויזישע סאָ־ציאַליסטן פון נוסח סען סימאָן, פוריע, אוען געהאַט אַ באַדייטונג פון אייגזענעניש, פון מילדערנדיקע אומשטענדן, וואָרעם זיי האָבן דאָך געלעבט פאַר מאַרקסן און איידער די אַנטוויקלונג פון דער שווער־אינדוסטרי האָט אָנגענומען אַזאַ גרויסן פאַרנעם. שפּעטער אָבער פאַר פּרודאָן און זיינס גלייכן וועלכע האָבן שוין געוווּסט פון דער וויסנשאַפטלעכער באַגרינדונג פון סאָציאַליזם און מאַרקסיס־טישער דיאַלעקטיק, פאַר זיי האָט דער נאָמען אוטאָפּיסטן באַדייט בלויז שפּאָט און גרינגשעצונג. פאַר זיי האָט שוין לויט מאַרקסן, נישט געפּאַסט קיין שום „אידעאַליסטישע סברות", און במילא גילטן פאַר זיי נישט די מילדערנדיקע אומשטענדן.

דער טיף־יידישער דענקער טיילט איין די סאָציאַלע טעאָריעס אין צוויי הויפּט־צווייגן: נבואהשן און אַפּאָקאַליפּטישן. די אידעאַ־ליסטיש־אוטאָפּיסטישע, אַנאַרכיסטישע און פרייהייט־סאָציאַליסטישע פון אַלע שאַטירונגען נעמט ער אַרונטער אונטערן בשותפותדיקן נאָמען, נבואהשער סאָציאַליזם; דעם מאַרקסיסטיש־וויסנשאַפטלעכן אונטערן אַלגעמיינעם נאָמען, אַפּאָקאַליפּטישן סאָציאַליזם, געמיינט אין פאַטאַלן זין, פון גורלדיקן, פון פאָרויס דורך דער דיאַלעקטיק פון היסטאָרישן גאַנג באַשטימטן (אָדער מכלומרשט באַשטימטן) סאָציאַליזם.

ווי פּאַראַדאָקסאַל דאָס זאָל נישט אויסזען, איז דווקא דער ער־שטער, דער באחרית־הימימדיקער, דער נבואהשער סאָציאַליזם — לויט בובערן — דער אמתער, פּראַקטישער, טאָג־טעגלעכער סאָ־ציאַליזם. אָט אָ דער סאָציאַליזם וויל זיך פאַרווירקלעכן צו יעדער צייט און אויף יעדן אָרט. ער דאַרף ערשט נישט קיין ספּעציעלע באַדינגונגען, קיין אַנטוויקלטע אינדוסטריעס, קיין קאָנצענטראַציע פון קאַפּיטאַל קיין „אייזערנע געזעצן", ער ברויך בלויז מענטשן פון גוטן ווילן, וואָס הויבן אָן שוין „איצט", שוין „דאָ" די פאַרווירקלע־כונג פון אַ נייער געזעלשאַפט, עס איז אַ זאַך פון מענטש און דער מענטש איז דאָך דאָ...

דער צווייטער, דער וויסנשאַפטלעכער, דער אַפּאָקאַליפּטישער, שטעלט זיך ווייטע צילן... עס מוז קומען, עס וועט קומען... די באַ־דינגונגען, די אינדוסטרי, די מאַשין, דאָס קאַפּיטאַל פירן דערצו. עס איז אַ פאַטאַליזם מחוץ פון מענטש און אויב דער וויסנשאַפטלע־כער סאָציאַליזם גיט עס יאָ איבער דעם מענטשן, אויב ער לאָזט צו דעם מענטש מאַכן די רעוואָלוציע כדי „צואיילן דעם פּראָצעס", טוט ער דאָס דורך דעם שטאַט, דורכן צוואַנג פון דער מלוכה, אָן דעם פרייען ווילן פון פרייע פאַראייניקטע פּראָדוציר־ און פאַרברויך־געזעלשאַפטן. ער פאַרפלאָנטערט זיך אין אַן אייגענער נעץ און פאַלט ערשט רעכט אַריין אין אַן אמתער אוטאָפּיע וואָס איז חל אויף שפּע־טער, אויף לעתיד לבוא. ווען דער סאָציאַליזם וועט שוין זיין פאַר־ווירקלעכט מיטן כוח פון צוואַנג. דעמאָלט וועט דער פּאָליטישער רעזשים אָפּטרעטן פולשטענדיק זיין פּלאַץ דעם סאָציאַלן און די מדינה וועט קענען בטל ווערן...

פאַר בובערן עקזיסטירט נישט קיין פרייהייט לעתיד לבוא און אַ צוואַנג־מאַכט פאַר היינט. מען מוז יעדן טאָג בויען אַזויפיל פריי־הייט וויפל מען קען, און אָפּשאַפן אַזויפיל שטאַט־צוואַנג לטובת דעם פאָלק וויפל עס איז מעגלעך.

דער סך הכל פון בובערס אויסגעדריקטע געדאַנקען לאָזט זיך אַזוי פאָרמולירן: מען מאַכט נישט קיין רעוואָלוציעס, כדי צו פאַר־ווירקלעכן דעם סאָציאַליזם, נאָר מען הויבט אָן בויען דעם סאָציאַ־ליזם, כדי צו רעוואָלוציאָנירן און איבעראַנדערשן דאָס לעבן.

*

אָט אָ דעם אידעאַל פון אָנהויבן דעם סאָציאַליסטישן בוי שוין איצט, שוין דאָ, אָנהויבן פון מענטש און נישט פון די באַדינגונגען, זעט בובער אין קאָלעקטיווער דאָרף־ווירטשאַפט אין ישראל. איין באַדינג מוז אָבער יאָ זיין, אָבער אויך דער באַדינג פליסט נישט אַרויס פון דרויסנדיקע אומשטענדן נאָר פון די מענטשלעכע אינער־לעכקייטן. דאָס איז היסטאָרישע סיטואַציע, מעשים מיט געשיכט־לעכע פערספעקטיוון. דער עקספּערימענט אין ישראל „איז נישט דורכגעפאַלן" ווייל הינטער אים איז געווען — זאָגט בובער — היס־טאָרישע סיטואַציע. ווייל דער „שותפות" איז אויפגעבויט געוואָרן ווי אַ נאַציאָנאַל „קעמערל" (תאָ) מיט פערספעקטיוון פון אויסוויר־קונג אויפן גאַנצן כלל. דער קיבוץ האָט נישט אין זינען געהאַט בלויז זיינע מיטגלידער פון דער גאַנצער פעדעראַציע פון קיבוצים, נאָר ער האָט אין זינען געהאַט דאָס נייע פאָלק, דעם נייעם מענטש.

בובער האָט די אַרטיקלען וואָס גייען אַריין אין בוך געשריבן באַלד נאָכן סוף פון דער מלחמה, אַ שטיק צייט פאַר דעם אַנטשטיין פון דער מדינה. ער האָט זיך נישט דערלויבט צו זאָגן אַן עקספּערי־מענט „וואָס איז געלונגען" נאָר אַן עקספּערימענט וואָס איז נישט דורכגעפאַלן (נסיון שלא נכשל). ער שטעלט אָבער אַרויס טענות צום קיבוץ, באַוואָרענישן און דריקט אויס מורא פאַר צופיל פּאָליטיזי־רונג פון דאָרף.

אין די איצטיקע באַדינגונגען פון פאַרשאַרפטע פּאַרטיי־רייבונ־גען איז די סכנה פון איבערטריבענער פּאָליטיזירונג פון קיבוץ נאָך גרעסער, אָבער דער דערפאָלג פון עקספּערימענט האָט זיך שוין באַ־שטעטיקט.

די יידישע מדינה, די היים פאַר הונדערטער טויזנטער פאַר־וואָגלטע בויט זיך אויפן פעסטן פונדאַמענט פון סאָציאַליסטישן דאָרף, דאָס ווערק פון אוטאָפּיסטן־איבערבויער, ספּאָנטאַנע שליחים פון אַ גרויסן נאַציאָנאַלן און סאָציאַלן אידעאַל.

אויף וויפל די „רעאַל־פּאָליטיקער״ וועלן נישט חרוב מאַכן די „אוטאָפּיע״ אויף אַזויפיל האָט זי אַלע שאַנסן צו ווערן דער יסוד פאַר אַ באַנייט שעפעריש לעבן פון יידישן פאָלק.

# ייד און וועלט אין שפּיגל פֿון די חומש־מיטאָסן

פעלקער, ווי יחידים, פאָרמירן זייער כאַראַקטער, זייער אייגנ־אַרטיקייט אין די ערשטע קינדער־יאָרן. נאָך איידער די אַריינגעפלאָסענע איינדרוקן און די פאָרשטעלונגען דערגרייכן צום באַוווסטזיין פון קינד־יחיד צו ווערן זכרון און המשך, שטעלן זיי שוין מיט זיך פאָר אין אונטערבאַוווסטזיין אַ רעזערוואַר פאַר די געדאַנקען און געפילן, וואָס וועלן זיך שפּעטער אַמאָל אַנטפּלעקן; אַזוי געשעט עס אויך מיטן קינד־פאָלק. נאָך איידער עס באַזיצט אַ בשותפותדיקן באַוווסטזיין, נאָך איידער עס פאַרמאָגט אַ קאָלעקטיוון געשיכטלעכן זכרון, זאַמלען זיך שוין אין אונטערבאַוווסטזיין פון אויפקומענדיקן פאָלק אַנונגען און פאָרשטעלונגען, איינפלוסן און איינדרוקן, וואָס קומען צום אויסדרוק אין לעגענדעס, אמונות און מסורות שבעל פה. אין דער ווייטערדיקער פאַזע פון אַנטוויקלונג, ווען עס אַנטשטייט דער בשותפותדיקער פאָלק־זכרון און דער געברויך צו פאַרצייכענען דאָס געשעענע, ווערן די פאַקטן צוזאַמען מיט די טראַדיציעס און לעגענדעס, איבערגעגעבן בכתב און זאָגן עדות נישט בלויז אויף אַ פאַרגאַנגענהייט און נישט בלויז אויף געשעענישן, נאָר נאָך מער אויף דער פאָרשטעלונג, וואָס דאָס געגעבענע פאָלק האָט זיך געמאַכט שוין אין די ווייטסטע פאַרנעפּלטע תקופות, איבער זיין לעבן, איבער זיין צוקונפט, איבער דער וועלט, און איבער זיינע באַציאונגען מיט גאָט און מיט וועלט.

זעט דעם תנ״ך! וויפיל איז שוין פון און אין אים אויס־ און אַריינגעטייטשט געוואָרן? בעלי־הלכה און בעלי־אגדה, מקובלים און חסידים, מאָדערנע קינסטלער און פאָרשער, אַלע האָבן געפונען שטאָף פאַר זייער שעפערישער פאַנטאַזיע, רמזים און אַלוזיעס,

אַסמכתות פאַר זייערע געדאַנקען און השערות אין די מעשות און ווערטער פון תנ״ך. מיר אין אונדזער הרת־עולמדיקער צייט געפינען ווייטער אין זיי אַן אָנשפּאַר און אַן אָנווייז אויף צו באַנעמען די גע־שעענישן. דאָס איז נישט דערפאַר ווייל מיר נעמען אַרויס פון די סימבאָלן אַזויפיל וויפיל מיר לייגן אין זיי לכתחילה אַריין, נאָר ווייל אין אַ גרויסער מאָס ליגט טאַקע אין זיי דער קערן פון „כל מה שתלמיד ותיק עתיד לחדש״. אין די חומש־מיטאָסן, אין די מעשות פון די אָבות, פון בריאת העולם, פון יציאת מצרים, ליגן שוין באַ־האַלטן אַלע גורל־ און געשיכטע־פּאָטענצן פון יידישן פאָלק פאַר אַלע צייטן. דאָס איז זייער גרויסקייט, דאָס איז זייער אייביקייט, דאָס איז זייער אמת. אין זיי ליגט דער יידישער קוק צו די ווייטע אָנהויבן פון יצירה און די אויסבליקן צו די אומענדלעכע האָריזאָנטן פון באַחרית הימים. אין זיי, אין די ערשטע מיטאָסן פון חומש בראשית, איז שוין דאָ דער אויסדרוק פון אונדזער כאַראַקטער, פון אונדזער וועלט־באַנעם, פון אונדזערע קאָנצעפּציעס, פון וועלט און ייִד, פון אַלע צייטן און פאַר אַלע צייטן.

עס איז נישט וויכטיק, צי די מסדרים פון דער תורה די איבער־ליפערער פון די ערשטע מסורות און מיטאָסן האָבן זיך טאַקע מכוון געווען צו די אַלע „אויסלייגענישן״, וואָס זענען אין אַלע צייטן אין דערציילטן אַריינגעלייגט געוואָרן. וויכטיק איז, אַז די מעשות פון חומש לאָזן זיך אַזוי אויסטייטשן, לאָזן זיך אָנווענדן און צופּאַסן צו אַלץ נייע און נייערע סיטואַציעס און אומשטענדן. וויכטיק איז, וואָס אין זיי ליגט די מעגלעכקייט אויסגעלייגט און אויסגעטייטשט צו ווערן אין אַלע צייטן און אַלע תקופות, אין אַלע ווענד־פונקטן פון אונדזער געשיכטע. אָט אָ די מעגלעכקייטן, די דאָזיקע פּאָטענצן זע־נען שוין אין זיי געלעגן אין די טונקלסטע ווייטקייטן און וועלן נאָך זיין די בפרושסטע צייכנס, וואָס וועלן אונדז מרמז זיין אויף דעם וועג פון מאָרגן. נאָר ווייל אין די חומש־מיטאָסן ליגט שוין באַהאַלטן גורל און געשיכטלעכע פּאָטענץ, קענען מיר אין זיי אָנהענגען אונדזער איצט און אונדזער מאָרגן פונקט ווי פאַרגאַנגענע דורות האָבן אָנגע־האָנגען זייער נעכטן.

אין דער ערשטער געשיכטלעכער מאַרטיראָלאָגיע פון שעבוד־מצרים ליגט שוין אָנגעצייכנט דער טראַגישער וועג פון ישראל סבא

און אין דער לעצטער ענערגיע פון ווידעראויפבוי און שיבת־ציון ליגט נאָך די יוגנטלעכע לעבנס־לוסט פון נער ישראל ואוהבהו (הושע).

עס איז נאָך קיינמאָל נישט באַוויזן געוואָרן דער היסטאָרישער אמת פון דער ערשטער תנ״כישער פיין־געשיכטע פון גלות־מצרים, אַזוי איז נאָך וויסנשאַפטלעך נישט באַשטעטיקט געוואָרן דער אמת פון דער לעצטער תנכישער גלות־געשיכטע פון מגילת אסתר, אָבער צי איז דאָס וויכטיק? ליגט דען נישט אין יעדן פרט פון די דער־ציילטע געשעענישן, וואָס צווישן זיי ליגט אַזאַ ווייטער מהלך פון צייט, אין יעדן וואָרט, אין די מאָטיווירונגען פון דער שנאה, ליגט דען נישט אין זיי אייביקער גורל, אייביקע סכנה, אייביקער נס, דאָס אייביקע מיספאַרשטייעניש צווישן ישראל און די פעלקער?

אָט אָ דאָס גרויסע טראַגישע מיספאַרשטייעניש ליגט נישט בלויז אין די שפּעטערדיקע דערציילונגען וואָס טראָגן שוין אויף זיך דעם חותם פון געשיכטע, נאָר אויך אין די סאַמע ערשטע בראשית־מיטאָסן, וואָס זייער כאַראַקטער און סטיל זאָגן עדות אויף דער טוי־פרישקייט פון אור־תקופות ווען פאַנטאַזיע און זכרון האָבן נאָך משמש געווען בערבוביה.

פאַר קיין שום פאָלק, פאַר קיין שום מענטשן־גרופּע וואָלט זיך נישט געשיקט צו דערציילן וועגן די פאַר־היסטאָרישע צייטן אַזעלכע מעשות מיט אָבות, וואָס האָבן באַקומען פון גאָט בהבטחה אַ לאַנד, אָדער צו האָבן אַלס ערשטן העלדן־פּאָעמע אַזאַ לויבגעזאַנג צו גאָט פאַר אַ נס אָנשטאָט אַ זיג ווי „אָז ישיר״. פונקט אַזוי וואָלט זיך לגמרי נישט געשיקט פאַרן יידישן כאַראַקטער צו האָבן אַזעלכע מיטאָסן און געזאַנגען וועגן מלחמות און נקמות צווישן די געטער און האַלב־געטער ווי די האָמערישע העלדן־מעשות פון איליאַדע און אָדיסייע.

פאַר די געשיכטלעכע אָנהייבן פון יידישן פאָלק, פאַר זיינע פאָטענצן, פאַר די וויזיעס פון זיין צעשפּרייטקייט צווישן פעלקער פּאַסן זיך אַנדערע לעגענדעס, אַנדערע פאַסירונגען. עס פּאַסט זיך אַ מעשה מיט אַ קינד, וואָס ווערט געלאָזן אויפן וואַסער אין אַ קעסטעלע, אויסגעשמירט מיט פּעך עס אויסצובאַהאַלטן פאַר מצרישע באַפערס. אַ קינד וואָס וועט שפּעטער זיין דער אויסלייזער.

עס פּאַסט זיך אַ מעשה מיט אַן אײדל קינד וואָס האָט געטראָגן אַ כתונת פּסים און צוליב אַ מיספאַרשטייענגיש מיט זײַנע ברידער האָט עס געמוזט אַוועק אין דער פרעמד. דאָרט אין דער פרעמד (אויף עמיגראַציע) האָט עס עולה געווען למלכות און געוואָרן אַ שפּײַזער פאַר דער פאַמיליע וואָס איז צו אים געקומען.

די מעשה פון אַן אסתרקע... וואָס קומט אַרײַן דורך גליקלעכע צופאַלן אין הויף פון אַ מעכטיקן הערשער און ראַטעוועט דורך שתדלנות אירע ברידער פון אומקום, האָט די ברירה צו זײַן קעגן אונדזער היינטיקן געשמאַק און קעגן אונדזער איצטיקן אַנטוויקלטן ערנגעפיל, אָבער ווער וועט אין דער מעשה נישט דערקענען דאָס גאַנצע יידישע געמיט, די גאַנצע אומוואַרשײַנלעכקייט אין לעבן פון ייד? קיינער קען נישט וועגן זיך עפּעס אַנדערש דערציילן ווי דאָס וואָס פּאַסט זיך פאַר זײַנע אומשטענדן און קומט פון זײַן אינער־לעכן געמיט־צושטאַנד.

און פונקט ווי אין דער טראַגיק פון דער יידישער געשיכטע זענען נס, שתדלנות, עמיגראַציע בלויז נעבן־דערשיינונגען, בילדן אַזוי צו זאָגן די פּעריפעריע פון דער טראַגעדיע וואָס הייסט: לעבן פון ישראל צווישן די פעלקער, אַזוי זענען אויך די אויבן ציטירטע דער־ציילונגען אַלס משל, די מעשה מיט משה אין שווימענדיקן קעס־טעלע אויפן ים; די מעשה מיט יוספן, וואָס ווערט פון אַ פאַרקויפטן קנעכט דער פאַרזאָרגער פון זײַנע ברידער, די מעשה פון אסתרן, וואָס ווערט אַ מלכה, צו ראַטעווען אירע ברידער, בלויז נעבן־מאָ־טיוון פון גרויסן לייט־מאָטיוו, בלויז שטעגלעך, וואָס צעגייען זיך פון גרויסן שליאַך. ער, דער גרויסער שליאַך, דער לייט־מאָטיוו, וואָס גייט אַדורך אַלע אורמיטאָסן פון תנ״ך, ער איז: דער ברוגז צווישן די ברידער, וואָס שטאַמען פון איין פאָטער, די צעריסנקייט צווישן די זין פון איין שטאַם.

הלא אב אחד לכולנו, הלא אח יעקב לעשו וועט שפּעטער זאָגן דער נביא (מלאכי). אָבער שוין פריער, אַ סך פריער אין די לע־גענדעס פון די אור־תקופות ליגט שוין די זאָרג און דער אומרו וועגן ברוגז מיטן ברודער. דאָס ווערט דער לייט־מאָטיוו, וואָס גייט כסדר אַדורך איבער אַלע פּראָדוקטן פון אַלע עלטסטע, קאָלעקטיווע אימאַ־גינאַציעס. אין זיי אַנטפּלעקט זיך שוין די יידישע קאָנצעפּציע וועגן

וועלט און ייד, וואָס שטעלט זיך אין חומש בראשית אַזוי פּאַר: דער איינציקער גאָט האָט באַשאַפן דעם איין־איינציקן מענטש אין זיין פּאָרעם און אין זיין געשטאַלט. קיינער קען נישט באַהויפּטן, אַז ער איז שוין דורך זיין שטאַם, דורך זיין געבוירנשאַפט פּריווילעגירט. בלויז זיין דערקענטעניש, זיינע מעשים קענען אים אַרויסהייבן פון צווישן אַלע איבעריקע באַשעפענישן. דער ייד איז אויסדערוויילט נישט ווי אַ פּריווילעגירטער שטאַם, נאָר ווי קינדער, וואָס שוין זייערע עלטערן האָבן דערקענט דעם אמתן גאָט און דאָס פאָלק איז אויף אַזויפיל אויסדערוויילט אויף וויפיל עס גייט אין די אָנגעצייכנטע וועגן פון זיינע אָבות, אין וועג פון דער גרויסער דערקענטעניש.

ישראל טראָגט זיך מיט אַ ליכט, וואָס האָט אים אַליין אויפגעשיינט, מיט אַ וועלט־באַנעם, וואָס וואָרצלט אין באַשאַף פון הימל און ערד און פאַרלירט זיך אין סוף פון באחרית הימים. אַ באַנעם, וואָס זעט די וועלט ווי אַן איינהייט, ווי אַ המשך, ווי איין קייט פון געשעענישן, וואָס קניפּט זיך ערגעץ אָן אין אַ באַשטימטן ווילן מיט אַ באַשטימטן ציל. אַ בונד האָט גאָט געשלאָסן מיטן מענטש און דער אינסטרומענט פון ברית, דער פאַראַנטוואָרטלעכער פאַר אים איז ער ישראל, איינער פון די ברידער. דער צווייטער ברודער קען נישט דאָס ליכט, ער קען נישט די איינהייט. ער וויל זי נישט קענען. ער באַנעמט די אייגנשאַפטן, די ליידנשאַפטן, ווי באַזונדער הערשנדיקע, זיך באַקעמפנדיקע כוחות. ער קען נישט האָבן אין זיך די שלווה פון דער אַחדות־אידייע.

עס איז גוט ישראלן, וואָס ער איז אין באַזיץ פון אַ גרויסן, אייביקן, פּושט צורה ולובש צורהדיקן, אָבער דאָך שטענדיק איינעם און אַלץ אַרומנעמענדיקן אמת, עס איז אָבער שלעכט, וואָס דער ברודער פאַרגינט אים נישט די שלווה. ער איז אים חושד, ער האָט אים פיינט.

דער ברודער איז ברוגז, דער ברודער איז אַ שונא, דער ברודער איז אַ מערדער, דאָס איז די נאָגנדיקע זאָרג פון ייד שוין אין די עלטסטע תקופות, דאָס איז דער הויפּט־מאָטיוו פון אַלע זיינע אור־מיטאָסן, פרייד פון אויסדערוויילטקייט און צער פון איזאָלירטקייט. שטאָלץ פון באַזיץ פון אַ גרויסן אמת, אָבער יסורים פון צעריסנקייט מיט די פעלקער און פון זייער אומווילן צו דערקענען דעם אמת.

שוין צווישן די ערשטע צוויי ברידער, זין פון איינציקן אור־פּאַטער, איז געקומען צו אַ מאָרד, דער וואָס זיין קרבן איז באַווי־ליקט געוואָרן פון גאָט איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך דעם צווייטן. די וועלט פאַרזינדיקט זיך וואָס אַמאָל מער און ס׳קומט אַ מבול. נאָכן מבול ווידער מיספאַרשטייעניש צווישן די ברידער. שם, „דער פּאַטער פון די בני עבר״, פון די עברים, נעמט נישט קיין אָנטייל אין דער שענדונג פון פאָטער, דאָס האָט געטאָן חם, דער פּאָטער פון כנעני, וועמעס לאַנד וועט שפּעטער איבערגיין צו די עברים.

דער ברוגז־מאָטיוו גייט ווייטער. אברהם און לוט (זיין ברודערן־זון), יצחק און ישמעאל. יעקב און עשו האָבן זיך פיינט נאָך אין דער מאַמעס בויך (ויתרוצצו הבנים בקרבה), דער ברוגז הערט נישט אויף אַפילו אין דער נאָענטערער משפּחה, צווישן די זין פון יעקב, די צוועלף אָבות פון די שבטים. די ברידער פאַרקויפן יוספן.

דאָ קומט צום אויסדרוק אַ צווייטע זאָרג. די זאָרג וועגן ברוגז צווישן די שבטים אַליין, צווישן די צעקריגטע שבטים. איז דען נישט יוסף דער פּאָטער פון די בני־אפרים, פון די וואָס רעוואָלטירן זיך קעגן קולט פון איינציקן גאָט, כדי אין בית־אל ווידער אויפצושטעלן דעם קולט פון די גוים?

שוין אין יפתחס צייטן גייט אַ מלחמה צווישן די אפרתים (בני אפרים) און די איבעריקע שבטים. אַלטע שנאות און אַלטע צאַנקערייען. נישט בלויז דריקט די מורא פאַרן ווייטערן, דעם איינציקן גאָט נישט קענענדיק, ברודער, נאָר אויך די מורא פאַרן נאָענטן ברודער־שבט, דער ווידער־שפּעניקנדיקער ברודער וואָס וויל זיך כסדר אַרויסרייסן פון יאָך פון אויסדערוויילטקייט און פון צער פון איזאָלירטקייט.

ער ווערט סוף כל סוף פאַרטריבן אין אומבאַקאַנטע לענדער, די פאַרשטויסענע „עשרת השבטים״ ווערן פאַר יהודה דער סוזשעט פון אייביקער בענקשאַפט צום פאַרלוירענעם ברודער.

נאָך יוספן מיט די ברידער גייט דער ברידער־ריס נאָך ווייטער. אין נאָענטסטן קרייז, צווישן די שליחים פון גאָט אַליין, צווישן משה און אהרון. משה קען דערגיין ביז צו די הימלען, אָבער זיין ברודער קען נישט אויסהאַלטן דעם דרוק פון המון און ער גיט דעם פאָלק אַ גאָט, אין געשטאַלט פון גאָלדענעם קאַלב.

אַ לאַנגער טראַגישער געראַנגל. פון אַלע פעלקער, איין פאָלק. פון דעם איינעם פאָלק, איין שבט. פון גאַנצן שבט, אפשר בלויז איין מענטש? ואעשה אותך לגוי גדול — קומט אַ פאַרלייג פון גאָט צו משהן. שווער דער וועג פון אויסדערוויילטקייט. שווער דער קרבן פון איזאָלירטקייט. שטענדיק אַ וועג אַנצוהייבן.

לאָמיר רעזומירן: שוין אין די טונקלסטע אַנהויבן פון דער מענטשהייט־געשיכטע האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר אַ געוויסער מענטשן־גרופּע פון שטאַם פון די בני־עבר די שפּעטערדיקע יידן — מער אינטואיטיוו ווי געדאַנקלעך — אַ מאַניסטיש בילד פון וועלט־אַל, אַ בילד, וואָס דערלויבט אַן אומבאַגרענעצטן אַריינבליק אין גאַנג פון די וועלט־געשעענישן. עס עפנט זיך אַ וויזיע וואָס איר אַנהויב איז דער באַשאַף פון הימל און ערד און איר סוף דער שלום פון אַחרית הימים. אין דער וויטערדיקער אַנטוויקלונג פון דאָזיקן וועלט־באַנעם האָט דאָס פאָלק זיך אַליין אַנגעהויבן זען אין אַן ענגען בונד מיט דעם אויף וועלכן דער נביא זאָגט אני ראשון ואני אַחרון, דאָס איינציקע פאָלק, וואָס האָט דערקענט דעם איינציקן גאָט איז אַזוי אייביק ווי אייביק עס איז דער גלויבן אין אים. אַזאַ גלויבן האָט באַלד אין די עלטסטע צייטן צוגעגעבן דעם יידישן פאָלק אַ גרויסע זיכערקייט אין זיך, אַ געפיל פון שטאָלץ און אויסדערוויילטקייט, צוזאַמען אָבער מיט אַ געפיל פון איזאָלירטקייט און אומרו, וואָס איז אָפטמאָל געוועזן אומדערטרעגלעך פאַר גרויסע מאַסן פון פאָלק.

די אינסטינקטיווע אומרו האָט געטענהט: מיר האָבן טאַקע דערזעען אַ ליכט, וואָס קיינער האָט נישט געזען, געהערט אַ קול, וואָס קיינער האָט נישט געהערט, אָבער טאַקע דערפאַר איז אונדז דער „ברודער" חושד אין באַהאַלטן עפּעס פאַר אים, ער האָט פיינט אונדז און איז בלוט־דורשטיק.

און אַ צווייטע זאָרג: די ברידער־שבטים רייסן זיך כסדר אָפּ און גייען פאַרלוירן, פאַרשטויסענע צווישן די געצנדינער. די מורא פאַר די שנאה איז שטאַרקער ווי די ליבע צום איינציקן אמת...

אין די וויטסטע צייטן און אין דער טיפסטער פסיכיק פון פאָלק ליגן שוין באַהאַלטן די אַלע קעגנגעזעצטע געפילן און זיי קומען צום אויסדרוק סיי אין די אורמעשות פון חומש בראשית, סיי אין די חזיונות פון די נביאים. די גרינדער פון דער קריסטלעכער קירך,

וועלכע האָבן זיך געהאַלטן פאַר די יורשים פון דער געטלעכער הבטחה צום יידישן פאָלק, האָבן די יידן נישט פאַרגינען, נישט זייער אויסדערוויילטקייט ווי גאָטס פאָלק, גאָטס קינד, און נישט אָקצעפּ־טירט דעם מיטאָס פון געמאָרדעטן ברודער. זיי האָבן אַלע פּסוקים, וואָס באַציען זיך צו דער בחירה אַרויפגעלייגט אויף דעם איינעם אויסדערוויילטן יחיד, גאָטס זון, וואָס איז דורך יידן דערמאָרדעט געוואָרן. זיי האָבן דעם מיטאָס איבערגעדרייט און געמאַכט פון יידן דעם מערדער פון „זון". זיי האָבן באַרויבט דעם געפּייניקטן אַפילו פון דעם אָרעאָל פון קרבן. עס איז געבוירן געוואָרן דער בלבול. דער געמאָרדעטער איז אַ מערדער, דער עלילת־דם און אַנ־דערע בלבולים וואָס זענען געוואָרפן געוואָרן אין פאַרלויף פון דער גאַנצער קריסטלעכער תקופה זענען דער פועל יוצא פון איבער־דרייטן מיטאָס צו מאַכן פון געמאָרדעטן ברודער דעם מערדער פון „זון".

* *

*

ווידער שטייען מיר אויפן פרשת־דרכים פון אונדזער געשיכטע נאָכן גרעסטן ברודער־מאָרד פון אַלע צייטן. און מיר קלאַפּן אין די טויערן פון דער אייביקייט און פרעגן: ביז וואַנען דער ברודער־מאָרד? ביז ווען די שנאה? און די פאַרשווונדענע און פאַרשטויסענע שבטים, די וואָס פאַלן פון אונדז אָפּ במזיד און די וואָס פאַלן פון אונדז אָפּ בשוגג וועלן זיי זיך צו אונדז אומקערן?

און עס ענטפערט אין אונדז אַ קול:

נישט פאַר דיר צו וויסן די וועגן פון דער אייביקייט. גיי מיטן כוח פון גורל וואָס איז דיר אָנגעצייכנט אין די בראשית־טעג פון די פעלקער און מיט דיין בליק וואָס גייט ביז צום סוף פון די טעג, גיי, לעב, נעם ווייטער אויף דעם געראַנגל. דאָס איז דיין גורל, דיין לעבן.

דעצעמבער, 1950.

# פּלענער פון אַ נייער חתימה

די באַצייכענונג פון יידישן פאָלק מיטן נאָמען עם הספר האָט, ווי יעדע באַצייכענונג, וואָס איז באמת כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם געגעבענעם אָביעקט אָדער דערשיינונג, געקענט אין פאַרשידענע צייטן האָבן פאַרשידענע טייטשן: עס האָט געקאָנט מיינען — דאָס פאָלק וואָס פאַרמאָגט נישט מער ווי דאָס ספר; (ואין לנו שיור אלא התורה הזאת) און עס האָט אויך געקאָנט מיינען און דער עיקר מסתם געמיינט — דאָס פאָלק פון דעם איינעם ספר, נישט דאָס פאָלק פון ספרים, נאָר פון איינציק ספר, פון ספר הספרים, פון תנ״ך.

אַ גאַנץ באַזונדערע נאַציאָנאַלע אינטואיציע האָט עטלעכע מאָל אונטערגעזאָגט די מנהיגים פון יידישן פאָלק צו קאָנצענטרירן דעם גייסטיקן באַשאַף פון לאַנגע תקופות אין די צמצום־ראַמען פון איינעם אָדער עטלעכע ספרים, ווי אַ נאַציאָנאַלן צידה לדרך. ווי אַ פאָלק, וואָס איז היימיש מיט די וועגן און צייטן פון דער וועלט, ווי אַ פאָלק, וואָס האָט הינטער זיך לאַנגע צייט־אָפּשניטן פון אידעאישן און פי־זישן געראַנגל און פילט אין זיך כוח צו ווייטערדיקע פאַרמעסטן אין מאָסשטאַב פון וועלט־געשיכטע, האָט פאַרן יידישן פאָלק אָפּ־קלויב און חתימה. יעדעס מאָל, ווען אַזעלכעס איז פאַרגעקומען, נישט בלויז באַדייט קאָנצענטראַציע פון פאַרגאַנגענעם, נאָר אויך אַ פריי מאַכן דעם וועג פאַר נייע, לאַנגע תקופות פון שאַפן און נייע אופנים זיי אויסצודריקן.

דריי חתימות זעַנען פון די וויכטיקסטע: תנ״ך, משנה און גמרא.

די אויטאָריטעט און קדושה פון תנ״ך האָבן געלענקט די שאַ־פונגען פון נאָך דער חתימה פון די כתבי־הקודש אויף נייע וועגן, אויף עקזעגעטישע, אויף אויסטייטשערישע. עס האָט זיך אָנגעהויבן

אַ לאַנגע תקופה פון זיך סומך זיין אויפן „פסוק". דער „שנאמר" האָט מכריע געווען. עס האַנדלט זיך נאָר פון איצט אָן צו געבן אַזאַ אָדער אַנדערן זין דעם שנאמר. משנה און תלמוד האָבן זיך נישט געקענט דערלויבן אויף דער קאַטעגאָרישער שפּראַך פון די כתבי הקודש, נישט אויף דער אימפּעראַטיווער שפּראַך פון משהס משפּטים, און נישט אויפן כה אמר ה' פון די נביאים, וואָס פאַרטראָגט נישט קיין שום רעפליק, ווו קיין שום פּלוגתא איז נישט מעגלעך.

די מסדרים פון משנה און תלמוד גיבן אונדז איבער דעם גאַנצן שקלא וטריא, די פּלוגתאס צווישן די ישיבות, צווישן די תנאים און צווישן די אמוראים, וואָרעם אלה ואלה דברי אלוהים חיים. ערשט דערנאָך קאָן מען צוליב פּראַקטישע טעמים מכריע זיין, ווי עס בלייבט די הלכה.

צוליב דער קדושה און אויטאָריטעט פון תנ"ך איז אויך די כוונה פון אָפּקלויב ביים מסדר זיין די משנה און תלמוד געווען פון אַן אַנדערן מין ווי די וואָס די מסדרים פון די כתבי הקודש האָבן פאַר זיך געהאַט. (אַז מען קאָן מיט זיכערקייט רעדן פון מסדרים און נישט פון מסדר זעט מען פון לשון פון גמרא און מדרש, וועלכע דריקן זיך אָפּטמאָל אויס „ביקשו לגנוז"... אא"וו.)

בעת וואָס די כוונה ביי דער חתימה פון כתבי הקודש איז געווען צו שליסן דעם אַריינטריט פאַר נייע מחברים. (זיי זענען אַלע געבליבן ספרים חיצונים). איז די כוונה ביי די חתימות פון משנה און גמרא קודם כל געווען צו באַהערשן, צו באַגרענעצן און אַריינצופירן סדר אין ים פון הלכה־פּלפּול און אין די געדיכטעמישן פון אגדה און נישט אַן איינזאַמלונג פון אַלעם, וואָס איז אין די דאָזיקע צייט־אָפּשניטן געשאַפן געוואָרן.

אַזוי זענען געבליבן אין דרויסן: סדר עולם, מגילת תענית, אבות דרבי נתן און אומצאָליקע אַנדערע ספרים פון געשיכטע, מוסר, פילאָזאָפיע און אַנדערע געביטן, ספרים, וואָס זענען באַקאַנט אָדער אין גאַנצן פאַרשווונדן. אין דער צייט, וואָס אין תנ"ך זענען איינגעגלידערט געוואָרן: דברי הימים און אגדה, דין און דערציילונג, נביאות און שטראָף־רייד, קינות און נחמות, האָבן זיך די שפּעטער־

דיקע חתימות בלויז באַגנוגנט מיט אַריינפירן אַ סדר אין לאַבירינט פון הלכות און אגדות, וואָס האָבן זיך אין פאַרלויף פון דורות אָנגעזאַמלט און בלויז פון דעם מין, וואָס האָט זיך אָנגעלענט אויף תורה, נביאים און כתובים.

מער ווי 1500 יאָר זענען אַריבער פון דער לעצטער חתימה, במשך פון וועלכער עס זענען נישט געמאַכט געוואָרן קיין שום פּרוּוון אָפּצוקלייבן און מסדר צו זיין דעם תמצית פון דער יידישער מחשבה פון דער גאַנצער לאַנגער תקופה פון אינטענסיוון שאַפן, פון מאַרטיראָלאָגיע און געראַנגל, פון אומצאָליקן גייסטיקן און פיזישן פאַלן און אויפשטייגן.

אָט איז די נאָך תלמודישע תקופה פון בבל: פון דער וועלט פון פלפול און דרוש וויקלט זיך אַרויס אַ נייע ווירקלעכקייט: נייע מנהגים, תפילות, און שטייגער. עס אָנטשטייט אַ געראַנגל צווישן די אויפבויער פון פאַנטאַסטישע אגדה־וועלטן און נייע הלכה־רעאַליטעטן, וואָס די בעלי־התלמוד און זייערע נאָכפאָלגער די רבנן סבוראי און גאונים האָבן געשאַפן פון איין זייט, און די פאַנטאַזיעלאָזע קראים, וואָס נעמען יידישקייט לויטן בפירושן אות פון דער תורה, פון דער צווייטער. עס גייט אויך אָן אַ שווערער געראַנגל וועגן קיום מיט די קאַליפאַטן און מיט דער גאַנצער אַרומיקער אַראַבישער וועלט.

בבל איז חרוב. שפּאַניע און אירע פּעריפעריעס אין צפון־אַפריקע און דרום־פראַנקרייך, שטייען אויף. איין תקופה דרייט זיך אַריין אין אַנדערע, חורבן און אויפשטייג וויקלען זיך אין איין קנויל, אונטערגאַנג און ערב־אונטערגאַנג און אַ גאָלדענע עפּאָכע אין דער מיט. גזרות און ערב אומקום, און אינצווישן אַ געוואַלטיקער גייסטיקער אויפשטייג, אַן אויפשווונג פון פילאָזאָפיע און פּאָעזיע און אַ דראַנג צו אַ פילאָזאָפישער באַגרינדונג פון וועלט־ און יידישקייט־מהות.

רעליגיעזע אויטאָריטעטן פון יידישן פאָלק ווערן די גרעסטע אויסטייטשער און פאַרשפרייטער פון אַריסטאָטעלישן געדאַנק און זיי העלפן צו דערהויבן די אַראַבישע שפּראַך צו דער ציוויליזאַציע־שפּראַך פון זייער צייט. ווידער אַ שפרונג פון אַפּאָקאַליפּטישן רייטער אין דער יידישער געשיכטע און אַלץ פאַרשווינדט, נאָך ביים ריין

און ביי דער ווייסל קומט אויף אַ נייע שפּראָצונג פון תורה און מסירות־נפש, פון מאַרטיראָלאָגיע און גערעַנגל.

עס קומט אויף דאָס מזרח־אייראָפּעאישע יידנטום פול מיט גייסטיקן אימפּולס און העכסטער קריסטאַליזירונג פון אייגנאַרטי־קייט. עס קומען ביי אים פאַר אינערלעכע באַוועגונגען, וואָס טראָגן אין זיך די ריינסטע זוימען פון גייסט. דער מוח שאַרפט זיך פון פּלפּול און געפיל און פאַנטאַזיע נערן זיך פון מיסטיק. אין די משי־חישע באַוועגונגען ווערט אַריינגעלייגט דער נאַציאָנאַלער עקסטאַז, וואָס טראָגט אין זיך געפערלעכע קאָנסעקווענצן אין מאָמענט פון אַנטוישונג. עס קומט אָן חסידות מיט איר ווענדונג צום פאָלק און דערפירט צו דער פאָלקס־ליטעראַטור פון איין זייט און אין דער רע־אַקציע, וואָס די זעלבע חסידות רופט אַרויס — צו השכלה, צו חכמת ישראל, צו העברעאיזם, חיבת ציון און אַלע באַוועגונגען, וואָס קייטלען זיך פון זיי אַרויס.

1500 יאָר פון גיגאַנטישן געראַנגל און גיגאַנטישן שאַפן. ווער וועט זיך דאָ פונאַנדערקלויבן אין די געדיכטענישן פון געשיכטע, ליטעראַטור, קאַמף, מסירות נפש, קידוש השם, יצירה און ירידה, אונטערגאַנג און אויפשטייג, פולשטענדיקער אונטערגאַנג אין אונדזער צייט און נייע אומדערוואַרטעטע עליה.

ווי אַזוי דאָס אַלץ אָפּהיטן לדורות? איצט, ווען מיר שטייען באמת אויפן גרעסטן פּרשת־דרכים פון אונדזער אַזוי אויך פּרשת דרכימדיקער געשיכטע. איצט איז עס טאַקע אַ פראַגע פון טויט און לעבן פאַר אַלעם אָנגעזאַמלטן, פאַר אַלעם ביז איצט געשאַפענעם און געשעענעם.

שוין ח. נ. ביאַליק האָט ברייט אַוועקגעשטעלט די פראַגע. „וואָס וועסטו טון, זאָגט אונדזער גרויסער משורר, אויב דיין קינד וועט דיך פרעגן: „וועלכעס ספר זאָל איך נעמען פון די אַלע ספרים וואָס דו האָסט אין דיין ספרים־שראַנק", וואָס וועסטו אים ענטפערן?" און ביאַליק שטעלט אויף אַ פּלאַן פון אַ נייעם אָפּקלויב, פון אַ כינוס, ווי ער רופט עס אָן, פון דער גאַנצער ליטעראַרישער יצירה פון נאָך דער תנ"ך־עפּאָכע ביז היינט.

איצט נאָך דעם חורבן און אויפן וועג פון גרויסע שינויים אין יידישן לעבן שטעלט זיך די פראַגע באמת מיט דער גאַנצער שאַרפ־

קייט. איצט איז אויך דער ענין פיל סכנהדיקער, ווייל דאָס קינד פרעגט שוין אינגאַנצן נישט, וועלכעס ספר עס זאָל אַריינקלייבן פון ספרים־שראַנק. מיר אָבער ווייסן שוין אויף זיכער, אַז קיין גמרא וועלן מיר דעם פרעגנדיקן, אויב אַזעלכער וועט זיך געפינען, נישט געבן, די מפרשים אוודאי נישט, דעם כוזרי אויך נישט און דעם „מורה״ נאָך ווייניקער, פון משה חיים לוצאטו האָט ער נישט געהערט און פון שד״ל ווייס ער נישט און אין דער מאָדערנער ליטעראַטור איןביידע שפּראַכן האָט ער אויך אַ קנאַפּע אַנונג. אוודאי איז אויך אויפן דאָזיקן געביט אַריינגעקומען אַ נייע האָפענונג מיט דער גרינדונג פון מדינת ישראל. דאָרט וועט דאָס יידישע קינד אין די מלוכה־שולן זיכער באַקומען אַ סכעמאַטישן באַגריף פון אַלטן און פון נייעם. אָבער אויב אַזוי, אויב צוליב דידאַקטישע טעמים וועט מען מוזן קומען צו אַן אָפּקלייב, איז דאָך טאַקע גלייכער צו מאַכן אַ דורכגעטראַכטע, אויסגערעכנטע און פּלאַנירטע קאָנצענטראַציע שבכתב, וואָס זאָל זיין גילטיק פאַר אַלע יידן און פאַר אַלע יידישע קינדער ווו זיי געפינען זיך נאָר, אַ נייער למען ידעו. און געטאָן זאָל דאָס ווערן נישט כדי אויסצושליסן דעם אַלטן, נאָר, כדי ווייטער צו בלייבן דער עם הספר, דאָס פאָלק, וואָס געפינט אין אַ מינימום פון איין אָדער עטלעכע ספרים דעם מאַקסימום פון געדאַנק און טאַט פון זיין געשיכטע און פון זיין שאַפן.

דאָ קום איך צום ראַוויטש־פּלאַן. דער יידישער שריפטשטעלער מלך ראַוויטש, האָט פאַרעפנטלעכט אַ בוך אונטערן נאָמען „איינעמס יידישע מחשבות פון 20־טן יאָרהונדערט״, ווו אַ גוטע העלפט פאַרנעמט דער געדאַנק „וועגן איינשליסן אין אַ ספר־הספרים די יידישע מחשבה און מעשה פון די לעצטע 2000 יאָר״.

אין עטלעכע עסייען געווידמעט דער דאָזיקער וויכטיקער טעמע, וועלכע זעט אויס צו זיין געוואָרן זיין אידעע־פיקס, וויקלט ראַוויטש פונאַנדער זיין געדאַנק, מיט א סך פאַרזיכטיקייט, איידלקייט און צערטלעכקייט. די פאַרזיכטיקייט איז אַ פאַרשטענדלעכע: ראַוויטש שרעקט זיך פאַר זיין אייגענעם געדאַנק. און עס איז דאָ פאַר וואָס זיך צו שרעקן. דער מחבר וויל נישט מער און נישט ווייניקער ווי אַ נייעם תנ״ך: אַזוי פאַרשידנאַרטיק אין תוכן ווי דער תנ״ך, אַזוי שטרענג אָפּגעקליבן ווי דער תנ״ך,

אַזוי קאַטעגאָריש אין געזעצגעבערישן טייל און אַזוי פֿאַנטאַזיע־רייך אין דערציילערישן ווי דער תנ״ך, מיט אַ צענטראַלער אידעע ווי דער תנ״ך, מיט אַזאַ קדושה ווי דער תנ״ך און אַפילו מיט דברות ווי דער תנ״ך.

האָרכט אייך נאָר גוט איין אין די ווערטער! אַ נייער תנ״ך. דאָס מיינט אַ נייע תורה, נייע נביאים און נייע כתובים. וואָס קאָן אָבער זאָגן די נייע תורה וואָס די אַלטע האָט נישט געזאָגט? אויב שוין וועגן דער אַלטער איז געזאָגט געוואָרן: ואהבת לרעך כמוך זו כל תורה כולה ואידך פירושה, „זאָלסט ליב האָבן דיין חבר ווי דיך אַליין״, דאָס איז די גאַנצע תורה און דאָס איבעריקע איז בלויז אַ פֿאַרטייטשונג, וואָס מער וועט נאָך קענען געזאָגט ווערן וועגן דער נייער תורה?

דער אַלטער תנ״ך איז הייסט עס אין עסענציעלן, אַ הומאַניזם. וואָס־זשע מער קענען מיר פֿאָדערן פֿון נייעם?

נייע געבאָטן? דעם טאָג וואָס דער לא תרצח וועט דערהערט ווערן וועלן אַלע דברות זיין איבעריק, ביז דעמאָלט זענען קיין שום נייע נישט נויטיק.

ראַוויטש זאָגט ווייטער: אין ערשטן תנ״ך איז די צענטראַלע אידעע געווען די איינגאָט־אידעע. דעם אַקס פֿון נייעם תנ״ך וועט בילדן די איין־מענטש־אידעע. ווייס איך נישט וואָס עס קאָן מיינען איינגאָט־אידעע אָן דער איין־מענטש־אידעע. אויב די איינגאָט־אידעע וואָלט נישט פֿאַרשטאַנען געוואָרן קודם כל ווי אַ מקור פֿון מאָראַל און עטיק, וויאַזוי וואָלטן די נביאים זי געקענט אַנטקעגנשטעלן מיט אַזאַ פֿאַרביסנקייט דער פּילגעטערישער אידעענלאָזיקייט, וואָס איז פֿאַר זיי אידעענלאָז טאַקע דערמיט, וואָס זי סאַנקציאָנירט און גיט גלייכע רעכט אַלע ליידנשאַפֿטן און אַלע מידות, גוטע ווי שלעכטע, ווייל אַלע שטאַמען זיי פֿון גלייכבאַרעכטיקטע און גלייך־כוחדיקע געטער. אָן דער אידעע פֿון מענטש, ווי וואָלט בכלל מעגלעך געווען אַזאַ שפּראַך און אַזאַ אינטימיטעט צווישן גאָט און מענטש ווי וידבר ה׳ אל משה לאמור?

אַ נייער תנ״ך וואָלט אַחוץ אַלעם לויט זיין מהות, אויב אַזעלכער וואָלט מעגלעך געווען, געמוזט באַדייטן — נייער אָנהויב, און מיר נויטיקן זיך היינט קודם כל אין המשך.

אָבער אויב נישט קיין נייער תנ״ך, הייסט דאָס נישט, אַז מיר דאַרפן זיך נישט ערנסט פאַרנעמען מיט דעם עצם־געדאַנק פון אַ נייער חתימה, פון אַ נייער איינזאַמלונג, קאָנצענטרירונג און אָפּשלי־סונג פון אַלעם וואָס איז זינט דער חתימה פון תלמוד ביז צום היינ־טיקן טאָג דורך דעם יידישן גייסט געשאַפן געוואָרן.

עס איז שוין געוואָרן אַ שטריך פון יידישן נאַציאָנאַלן זשעני צו קאָנצענטרירן אין פאַרחתמענען אָנגעזאַמלטע דערפאַרונג. פאַר־וואָס עס נישט איבערחזרן איצט, ווען מיר שטייען אויפן וויכטיקסטן שיידוועג פון אונדזערע היסטאָרישע מאַרשן?

גנבעט זיך איין קאָפּ אַריין אַזאַ געדאַנק: (דאָ וואָלט איך אויך באַדאַרפט מאַכן אַ סך התנצלותדיקע און אַני־הקטנדיקע רעזערוון ווי עס מאַכט דאָס מ. ראַוויטש. אָבער איך האָב מורא געשטרויכלט צו ווערן מיט דער גרעסטער פון אַלע גאוות, מיט דער גאווה פון עניוות). פאַרוואָס נישט דריי נייע אותיות? נישט די קאַנאָניזירטע תו, נון און כף פון תנ״ך, נאָר אַנדערע דריי ראשי תבות, וואָס ווי נאָר מען זאָגט זיי אַרויס ווערן זיי גלייך וועגווייזער, סימבאָלן און אַ צענטראַלע אידעע פאַר דעם נייעם אָפּקלייב, צו וועלכן מיר זענען זיך מכוון? איך מיין די ערשטע אותיות פון בבל, ספרד און פוילן, נעמען און אותיות, וואָס אָריענטירן אונדז גלייך אין וועלכער ריכ־טונג עס זאָלן גיין די נייע מסדרים, דעם טאָג ווען די אידייע פון כינוס וועט רייף ווערן.

מיט איין זאַך וועט דער ספר־הספרים פון בס״ף ענלעך זיין צום תנ״ך. ער וועט זיך נישט ענדיקן מיט חורבן פוילן, נאָר מיט דעם גאולה־וועג פון בית שלישי. פונקט ווי דער תנ״ך ענדיקט זיך מיט עזרא, נחמיה און די עולי־בבל.

וועגן דער שפּראַך פון כינוס:

ביאַליק איז זיכער, אַז אַ כינוס מוז געמאַכט ווערן אין אונדזער אייביקער שפּראַך — אין העברעאיש. ראַוויטש פאַרשטייט נישט פאַרוואָס נישט אין יידיש. אָבער פאַרוואָס טאַקע נישט איןביידע שפּראַכן?

אַזאַ ספר מוז געהערן דעם גאַנצן פאָלק און דאָס פאָלק איז אין איצטיקן מאָמענט צוויי־שפּראַכיק.

ווער וועלן זיין די קעפּ און הענט פון אַזאַ כינוס? ראַוויטש

רעדט וועגן די מיסטעריעזע הענט פון אַ יחיד, פון אַ מזומן, פון אַ מנין אָדער פון אַ סנהדרין, וואָס „וועט אַליין קומען, וואָס באַדאַרף און מוז קומען?

מיר ווייסן ווער עס האָט מסדר געווען די משנה, וועלכע הענט עס האָבן צוזאַמענגעשטעלט דעם תלמוד און מיר קענען גאַנץ גוט באַנעמען, אַז דער געדאַנק וועט זיך מאַכן זיין וועג און אין אַ גע־ וויסן טאָג וועלן זיך אָפּגעפינען די אַרכיטעקטן פון גייסט, די בצלאלס „אָנגעפילט מיט מייסטערשאַפט, חכמה און פאַרשטענדע־ ניש" אויפצובויען דעם בנין. אויף וועלכן דאָס יידישע פאָלק וואַרט און נאָך וועלכן די קומענדיקע דורות וועלן אויסשטרעקן זייערע הענט.

און אויב קדושה און קאַנאָניזירונג וועלן נישט נאָכקומען, ווייל מיר האָבן פאַרלוירן דעם וועג דערצו, וועט אָבער זיכער קומען פאַרערונג צום ספר, און צום אויסטערלישן און הערלאישן אינהאַלט וואָס וועט זיך אין אים געפינען.

# מגילת אסתר

דער תנ״ך, דאָס נאַציאָנאַלסטע און אוניווערסאַלסטע ווערק, וואָס אַ פאָלק האָט ווען עס איז פון זיך אַרויסגעגעבן און וואָס נאָר צוליב דעם טאַקע האָט עס געקענט ווערן אַ חלק פון דער גאַנצער מענטשהייט, דאָס דאָזיקע ווערק, אין וועלכן עס קומט צום אויסדרוק דער גורל און כאַראַקטער פון יידישן פאָלק, זיין מאַראַל און זיין געשיכטע, דער דאָזיקער תנ״ך וואָלט נישט געווען גאַנץ, וואָלט נישט געווען פולקאָם, עס וואָלט אים אפילו געפעלט פון זיין אייבי־קייט־ווערט ווען עס זאָל אין אים נישט זיין איינגעשלאָסן די גלות־מעשה פון מגילת אסתר.

דער תנ״ך הויבט נישט אָן די געשיכטע פון יידישן פאָלק ווי אַלע אַנדערע נאַציאָנאַלע געשיכטעס מיט די ערשטע געשעענישן, וואָס שפילן זיך אָפּ אויפן דערוואָרבענעם נאַציאָנאַלן באָדן, נאָר אַ סך פריער, מיט דער פאָרמירונג פון פאָלק, איידער עס האָט נאָך אַ לאַנד, מיט גלות מצרים און יציאת מצרים, ווייל פאַרן תנ״ך זענען נישט דער עיקר די היסטאָרישע געשעענישן, אפילו די העראָאיש־סטע, נאָר דאָס גורלדיקע, וואָס לענקט מיט זיי, דאָס וואָס באַשטימט דעם כאַראַקטער פון דאָזיקן פאָלק.

אָן דער מגילה וואָלט אין די כתבי קודש געפעלט אַ תקופה, אַ קאַפּיטל, וואָס איז פון דעמאָלט ביז איצט געווען דאָס לענגסטע אין דער יידישער געשיכטע. מיט מגילת אסתר ווערט דער גורל און דער כאַראַקטער פון יידישן פאָלק פיקסירט אין תנ״ך אין אַלע זיינע גילגולים. די באַציונג מיטן אַרום ווערט אויפסניי פעסטגעשטעלט שוין נישט בלויז ווי אַ פאָלק צווישן פעלקער, נאָר ווי אַ ייד צווישן גוים, ווי אַ יידישער יחיד צווישן נישט־יידן.

ביז איצט האָבן זיך די בני ישראל געטראָפן מיט די פעלקער פון דער וועלט אין מלחמה און אין שלום, אין נאָכמאַכן די געצנ־דינער, אָדער אין אָפּוואַרפן עבודה זרה לויט די רייד פון די נביאים. די אַנדערשקייט איז געווען אַ טעריטאָריאַלע, אַן אַנדער פאָלק צווישן פעלקער. איצט הייבט זיך אָן אויסבילדן אַן אַנדערער מענטש צווישן מענטשן, אַ ייִד צווישן גויים. דער ייִד יחיד, הייבט זיך אָן טרעפן מיט גויים יחידים. יעדער ייִד קאָן אויף זיך ציען דעם צאָרן פון גוי און יעדער צאָרן פון גוי קאָן ווערן דער צאָרן פון גויים אויף אַלע ייִדן.

אויף דער היסטאָרישער אַרענע הויבט אָן דערשיינען דער ייִד אַזוי ווי מיר קענען אים און דער שונא ישראל אַזוי ווי מיר קענען אים. ביז איצט האָבן מיר נישט געטראָפן, אַז צום נאָמען פון אַ ייִד זאָל צוגעגעבן ווערן זיין אָפּשטאַם ווי אַ באַצייכענונג. איצט הויבט עס זיך אָן: מרדכי היהודי, דער אַנטי־ייִד איז אויך נישט מער עפּעס אַ צופעליקער שונא, ווי עס טרעפט זיך ביי אַלע פעלקער. עס איז אַ באַזונדערער מין מענטש, אַ ייִדן־פיינט, צורר כל היהודים.

מרדכי איז דער ערשטער „בייציטיקער" ייִד, וואָס ציט אויף זיך די שנאה פונעם גוי, בלויז מיט זיין עקזיסטענץ. המן איז דער ערשטער „מאָדערנער" אַנטיסעמיט. מיט אַלע מאָדערנע טענות:

„אַ פאָלק, צעזייט און צעשפּרייט צווישן אַלע פעלקער, זייערע געזעצן זענען אַנדערש ווי די געזעצן פון אַלע פעלקער און די געזעצן פון קעניג היטן זיי נישט".

המן איז נישט דער פּערזענלעכער שונא פון מרדכין. אין אים זעט ער אַ רעפּרעזענטאַנט פון אַ שטאַם, וואָס ער האָט פיינט: „און עס איז גרינג געווען אין זיינע אויגן אויסצושטרעקן זיין האַנט אויף מרדכין אַליין, ווייל מען האָט אים געזאָגט ווער עס איז מרדכיס פאָלק, האָט המן געוואָלט פאַרטיליקן אַלע ייִדן".

עס איז געבוירן געוואָרן די ייִדן־פראַגע. פרעה האָט פאַר־שקלאַפט אַ נאַציע, וואָס באַוווינט איינע פון די עגיפּטישע פּראָ־ווינצן, עס איז נאָך נישט קיין וועלט־ייִדן־פראַגע. עס איז אַן עגיפּ־טיש־ייִדישער ענין. אין דער מגילה האָבן מיר שוין די ייִדן־פראַגע, אַזוי ווי זי ווערט אויפגעפרישט און באַנייט אין אַלע דורות דורך אַלע המנס.

לויט אונדזערע הײנטיקע באַגריפֿן וועגן נאַציאָנאַלן כבוד, קרי־ מען מיר זיך אפשר איבער דער מעשה אין דער מגילה, עפּעס אַ מעשה מיט אַ ייד, וואָס האָט איבערגעגעבן ווי מען דאַרף וועגן אַ פאַרשווערונג אויפֿן מלך און צוליב דעם באַקומען אַן אַריינטריט „בשער המלך”; אַ מעשה מיט אַ יידיש מיידל, וואָס דערגרייכט צו מלכות, און דערגרייכנדיק זאָגט זי נישט אויס „איר פאָלק און איר שטאַם”. פון איר שיינעם העברעישן נאָמען הדסה ווערט אין פּערסישן גילגול אסתר (איסטאר), און בכלל דער גאַנצער טאָן און דער גאַנצער מאָראַלישער קלימאַט פון מגלת אסתר איז אינגאַנצן אַ נעבעכדיקער, אַ קנעכטישער. אַלץ איז אָפּהענגיק פון שתדלנות, פון נס, פון אַ גוט וואָרט פון אַ באַרבאַרישן הערשער. און אַפילו מרדכיס שטאָלץ, וואָס „בויגט זיך נישט און ביקט זיך נישט” האָט נישט דאָס פּנים פון אַ נאַטירלעכן נאַציאָנאַלן שטאָלץ, נאָר ווי אַ להכעיסדיקער, אַ כיטרער: „איך וועל אים ווייזן דעם הונט, דעם שונא ישראל”, „איך האָב מער פאַרדינסטן פאַרן מלך אחשורוש ווי ער”.

אָבער דווקא צוליב דעם, ווערט מגילת אסתר אַ וויכטיקער באַשטאַנד־טייל פון תנ״ך. די כתבי הקודש האָבן קיינמאָל נישט געהאַט די כוונה פאַרצושטעלן יידן „סימפּאַטיש”, צו פאַרשענערן נאָר אַזוי ווי מיר זענען, לא כחל ולא שרק. פריער זענען מיר אין תנ״ך, אַ פאָלק, וואָס ווי אַלע פעלקער ציט עס נאָך צו געצנדינסט, מיטן אונטערשיר אָבער, וואָס זייט משה און איבער אַלע נביאים איז עס כסדר אונטערגעוואָרפן אַ שווערער מאָראַלישער דיסטילירונג, שפּעטער ווערן מיר ענדלעך דאָס פאָלק, וואָס די נביאים האָבן דערפון געוואָלט מאַכן, אָבער מיר זענען שוין אין גלות און זענען ווידער אונטערגעוואָרפן אַנדערע שווערע מאָראַלישע נסיונות.

ווי „אומסימפּאַטיש” אונדזערע מגילה־העלדן זאָלן אונדז היינט נישט אויסזען, מוזן מיר איינס מודה זיין, זיי זענען אונדזערע, אַזוי האָבן מיר געלעבט מיט נסים, מיט צופאַלן, מיט שתדלנות. אסתר, אונדזער „זשאַן ד׳אַרק” פירט נישט רייטנדיק אויפן פערד קיין גרויסע חיילות צו דער שלאַכט, זי איז אַן איידל באַהנט מיידל, וואָס פאַלט אַריין אין אַ פרעמדער וועלט, אַ געפאַנגענע אין אַ קעניגלעכן פּאַלאַץ, זי וואָגט נישט צו אַנטפּלעקן איר פאָלק און איר שטאַם. אָבער אין אַ

געוויסן טאָג, ווען מען וועט דאַרפן, וועט זי דאָס טאָן מיט דער גאַנצער ליבע צו איר פאָלק אין טויט־סכנה, און מיט דער גאַנצער מסירות נפש פון איר יונג און קעניגלעך לעבן.

מרדכיס טריישאַפט צו אַחשורושן האָט דעם זעלבן גרונט. עס איז אַ טריישאַפט, וואָס קען צונוץ קומען. ווער ווייס דען ווי אַזוי נסים ווערן צוגעגרייט? ומי יודע אם לעת כזאת הגעת למלכות? „מיר זענען אין גלות. די המנס לויערן. עס שאַדט נישט צו האָבן אין רעזערוו אַ גוטע פּאַטריאָטישע טאַט״... עס גייט וועגן דערהאַלטן דאָס לעבן פון אַ שטאַם אין דער פרעמד און מיר וועלן נאָך מער ווי איינמאָל מוזן פאַרבייגן אונדזער כבוד אַבי איינהאַלטן דעם עיקר. עס איז אַ גלות־פילאָזאָפיע, אַ פילאָזאָפיע פון פאָלק, וואָס האָט באַשלאָסן איינצוהאַלטן דעם קיום ביי אַלע אומשטענדן, עס איז אייגנט־לעך די אייביקע יידישע פילאָזאָפיע וואָס דער בעל קוהלת האָט פאָרמולירט אין די ווערטער: טוב כלב חי, מאריה מת.

מגילת אסתר טראָגט אין זיך דאָס סאַמע כאַראַקטעריסטישסטע פון יידישן מענטש אין דער לאַנגער גלות־תקופה. צוזאַמען מיטן גאַנצן איבריקן תנ״ך ווערט דערפון דאָס בילד פון ייד אין אַלע זיינע נאַציאָנאַלע גילגולים.

# שיר השירים

כי הנה הסתו עבר... „וואָרעם דער האַרבסט איז אַוועק, די רעגנס זענען פאַרביי, די שפּראָצונגען האָבן זיך באַוויזן אין לאַנד, די צייט פון שפּילפויגל איז געקומען". עס איז געקומען די צייט פון פרילינג, פון ליבע און פון פרייהייט אין דער נאַטור. עס איז אויך די צייט פון נאַציאָנאַלער זמן חירותנו און לויטן שיינעם מנהג פון אונדזערע עלטערן עפענען מיר דעם יום־טוב פון פרייהייט מיטן בוך פון געזאַנג איבער אַלע געזאַנגען, מיטן הימן פון פרילינג און ליבע: שיר השירים.

ווי קומט ליבע צו אַ פאָלק, וואָס איז אַרומגערינגלט מיט שנאה? ווי קומט דאָס געזאַנג פון טויאיקן פרילינג צו אַ פאָלק, וואָס האָט איבערגעריסן די באַרירונג מיט דער נאַטור, צו אַ פאָלק, וואָס האָט פאַרלוירן דעם זין פאַר דער כסדר זיך באַנייענדיקער שפּראָצנ־דיקער וועלט, וואָס האָט כסדר איינגעחזרט: „ווער עס איז מפסיק זיין לערנען צו זאָגן: ווי שיין איז דער בוים, ווי שיין איז דאָס פעלד, איז, ווי ער וואָלט זיך פאַרשולדיקט מיט זיין לעבן?" און ווי פאָרט זיך עס טאַקע, אַז פרומע, כשרע, גאָטספאָרכטיקע יידן זאָלן זינגען וועגן אַ ליבע צווישן אַ וואַנדערנדיקן פאַסטעך־יינגל און אַ פאַר־שלאָסענעם האַרעם־מיידל?

עס האָט זיך טאַקע נישט געפאָרט; האָט מען דער וואָכעדיקער ליבע אָנגעטאָן אַ כתונת־פסים פון קדושה, און פון ליבע־דיאַלאָג צווישן פאַסטעך און שולמית איז געוואָרן דער געטלעכער, אָבער נישט ווייניקער עראָטישער דיאַלאָג צווישן דער כנסת־ישראל און קודשא בריך הוא.

די פּאָעזיע האָט דערמיט גאָרנישט פאַרלוירן, די יידישע סימ־באַליק האָט אָן אַ שיעור געוווּנען.

שיר השירים איז געוואָרן דער אומדערשעפּלעכער קוואַל פאַר דער יידישער מיסטיק, וואָס האָט אַזוי פאַרשטאַרקט דעם בונד צווישן יידישן גאָט און זיין פאָלק, אַ בונד, וואָס האָט געדינט צום יסוד פאַר קיום, און אַ מקור פון טרייסט און האָפענונג אויף לאַנגע דורות.

באַבערדיקטע און באַפּיאותטע מלמדים, האָבן פון איצט אָן געקענט קנעלן מיט זייערע איידעלע און בלאַסע קינדערלעך וועגן דער „ליבע, וואָס איז שטאַרק ווי דער טויט, האַרט, ווי דער גרוב איז די אייפערזוכט, אירע פונקען זענען פונקען פון פייער, איר פלאַם איז געטלעך, די גרויסע וואַסערן וועלן די ליבע נישט דערלעשן, און די טייכן וועלן זי נישט פאַרשווענקען", אַז סך הכל רעדט עס זיך וועגן דעם ראָמאַן צווישן קודשא בריך הוא און פאָלק ישראל...

„אויב דו ווייסט נישט די שענסטע פון די פרויען (דעם וועג צום פּאַסטעך) גיי דיר אין די שריט פון די שאָף און פּאַשע דיינע צי־געלעך ביי די געצעלטן פון די פּאַסטעכער". האָט איצט באַקומען דעם פּירוש: אויב דו, כנסת ישראל, האָסט פאַרלוירן דעם וועג צו גאָט, גיי דיר אין די שריט פון דיינע אבות און פיר דיך ווי זיי האָבן זיך געפירט...

און אַזוי איז שיר השירים געוואָרן דער נאַציאָנאַל־רעליגיעזער הימען פון אַ פאָלק, וואָס זוכט אין בענקשאַפט און אין ליבע צום געטלעכן זיך אָפּצוּוועבדן פון דער אימהדיקער טאָג־טעגלעכקייט.

„אַלע שירים זענען קודש — שיר השירים איז קודש קדשים" — האָט זיך צעגאָסן איבערן „חדר" דער בענקענדיק־פייערלעכער ניגון פון רבי, און אָנגעגאָסן פרייד און בענקשאַפט אין די יינגע הערצער.

קיינמאָל פריער, און מסתם שוין קיינמאָל נישט שפּעטער, האָט נישט עקזיסטירט און וועט נישט עקזיסטירן אַזאַ היימישקייט, אַזאַ אינטימיטעט צווישן מענטשן און גאָט, ווי ביי אונדזערע זיידעס און באָבעס. דאָס וואָס איז נישט געלונגען די נביאים, נישט מיט בעטן און נישט מיט שטראָפן, נישט מיטן גוטן און נישט מיטן בייזן, האָט זיך דערנאָך רעאַליזירט אין דער מחנה פון פּוילישן יידנטום. מען איז געוואָרן גאָטס פאָלק. מיט „אים" האָט מען אָפּגערעדט גע־

שעפטן, אָפּגעשמועסט שידוכים, און אַז אונדזערע זיידעס האָבן גע־וואָלט אַ „דאַוון טאָן״, האָט מען זיך פּשוט פֿאַרקנעפּלט די קאַפּאָטע, און זיך אַוועקגעשטעלט אויסטענהן מיטן רבונו של עולם... און אַז רבי לוי יצחק בערדיטשעווער האָט עפּעס געוואָלט אויספּועלן אין די עולמות עליונים, האָט ער נישט געמאַכט קיין לאַנגע שהיות, נאָר איז היימיש, ווי עס פּאַסט פֿאַר אַ געליבטער, וואָס רעדט צו זיין גע־ליבטן, צוגעטרעטן צום ענין. און אַז אונדזערע „טביהס״ זענען געווען אין אַן עת צרה, האָבן זיי מיט דער בייטש אין דער האַנט אַ רעד געטאָן צום בורא עולם מיט אַ שפּראַך, וואָס קיין שום אומה ולשון האָט אַזוי נישט גערעדט.

פּרץ, אַנ־סקי, אומדירעקט שלום־עליכם און אַנדערע, האָבן דערנאָך — ווען דער בונד מיטן גאָט האָט אָנגעהויבן לויז ווערן אין לעבן — געקענט אַריינוועבן אָט אָ די אינטים־הייליקע פֿעדים אין דער יידישער ליטעראַטור אַריין און איר געבן דעם חותם פֿון המשך.

מיר האָבן היינט פֿאַרלוירן יענעם נאָענטן דירעקטן שייכות מיט דעם, וואָס איז אין לויף פֿון יאָר־הונדערטער געווען דער תמצית פֿון יידישקייט, אַנטקעגן דעם האָט דער גורל, דער יידישער גורל, אונדז נישט פֿאַרלאָזט. האָבן מיר דעם גורל פֿון אונדזערע אבות, אָן זייער טרייסט און אָן זייער אמונה.

גלוסט זיך טאַקע נישט אַראָפּצורייסן דעם געטלעך אַלעגאָרישן שלייער פֿון הייליקן געזאַנג: כשושנה בין החוחים כן רעיתי בין הבנות. ווי אַ רויז צווישן דערנער, איז מיין געליבטע צווישן די טעכטער. און די אַלעגאָריע־מסורה טייטשט: דאָס מיינט מען: די בני ישראל צווישן די אומות העולם. און די אגדה שפּינט ווייטער: אַזוי שווער ווי עס איז אַרויסצובאַקומען אַ רויז פֿון די דערנער, אַזוי שווער איז אַרויסצובאַקומען דאָס פֿאָלק ישראל פֿון צווישן די אומות העולם. אונדזער דור איז איצט אַן עדות פֿון די שוועריקייטן.

און דער דיאַלאָג גייט ווייטער: „כתפוח בעצי היער כן דודי בין הבנים״. ווי אַן עפּלבוים צווישן וואַלדביימער, אַזוי איז מיין געליבטער צווישן די זין.

און ווייטער גיט צו די אגדה: אויך גאָט געפֿינט זיך אין אַ שלעכטער געזעלשאַפֿט, אַזוי לאַנג ווי זיין פֿאָלק איז אַ רויז צווישן דערנער.

שמוני נוטרה את הכרמים, כרמי שלי לא נטרתי — זיי האָבן מיך געמאַכט פאַר אַ היטערין פון פרעמדע ווייַנגערטנער, מיין אייגענעם ווייַנגאָרטן האָב איך נישט געהיטן. און דער נאַציאָנאַלער משל טייטשט: זיי האָבן מיך געמאַכט היטן פרעמדע געטער, מיין אייגענעם גאָט האָב איך נישט געדינט.

עס פעלן קיינמאָל נישט קיין דינער פון פרעמדע געטער און באַשמוצער פון אַלעם, וואָס איז אייגנס.

איצט האָט ס׳לעבן געגעבן דעם הייליקן דיאַלאָג אַ נייעם זין. עס האָט זיך אין אונדזערע טעג אָנגעהויבן שפינען און באַנייען דער ראָמאַן צווישן פאָלק און לאַנד. עס איז געקומען די צייט פון היטן דעם אייגענעם ווייַנגאָרטן.

הסתו עבר, הגשם חלף הלך לו, עת הזמיר הגיע.

# רות

פון די פינף מגילות, האָבן צוויי — איכה און אסתר — אַ נאַ־ציאָנאַלן אינהאַלט. אין יסוד פון זייער אַנטשטייאונג ליגן נאַציאָנאַל־היסטאָרישע געשעענישן; צוויי — שיר השירים און קוהלת — זענען שאַפונגען פון אַלגעמיין מענטשלעכן כאַראַקטער און פון אַלגעמיין מענטשלעכן ווערט. און הגם שיר השירים איז דערנאָך דורך דער אגדהשער אַלעגאָריע פאַרוואַנדלט געוואָרן אין נאַציאָנאַלסטן ספר פון אַלע ספרים פון תנ״ך איז עס צוזאַמען מיט קוהלת געבליבן דער העכסטער אויסדרוק פון דער יידישער געפילס־ און געדאַנקען־וועלט, דער טרעפפּונקט מיט דער אַלגעמיין מענטשלעכער געדאַנ־קען־ און געפילס־וועלט. פון אַ גאַנץ באַזונדערן כאַראַקטער איז מגילת רות; דאָ ווערן נישט פאַרפאָלגט קיין שום גרויסע צילן, נישט קיין נאַציאָנאַלע און נישט קיין אַלגעמיינע; דער אייביקער יידישער פּראָבלעם, די הויפּט־טענדענץ פון תנ״ך, דער גאָט־פּראָבלעם, שוויגט אויך דאָ. קיין שום גרויסע געשעענישן ווערן דאָ נישט דערציילט, אפילו די שפּעטערדיקע אגדה זוכט נישט דאָ צו צוטשעפּען גרויסע כוונות. רות איז געווען און געבליבן אַ שטיל פשוט, באַשיידן מעשהלע, אַ שטייגער־דערציילונג מיטן גאַנצן פרי־מיטיוון חן פון אַ פעלד־פאָלק, געבונדן צו דער נאַטור און צום פשוטסטן, לויט די געזעצן פון דער נאַטור איינגעשטעלטן סדר. אויף מאָדערנער שפּראַך וואָלטן מיר היינט געזאָגט: אַ ריין בעלעטריס־טיש ווערק, קונסט לשם קונסט.

און ווייל עס איז אַזוי, ווייל קיין שום גרויסע צילן און גרויסע טענדענצן האָט זיך דער מחבר פון רות נישט געשטעלט, ווייל דער טאָן איז דאָ אין קעגנזאַץ צו דער גאַנצער פּאַטעטיק פון תנ״ך —

אַ רואיקער און שטיל־אידילישער, דעקט אונדז דאָס מעשהלע אויף, אַ וויטן אַמאָל, פון די קינדער־יאָרן פון אַלטן פּאָלק. עפּעס מיט גאָר פּשוטע מיטלען רעקאָנסטרואירט פאַר אונדז דער מחבר פון רות אי משפּחה־לעבן, אי פאָלקס־לעבן, אי דאָס וואָס מיר רופן היינט קלאַסן־באַציאונגען. ער פאַרגעסט נישט אין די מנהגים פון פאָלק און אַפילו נישט די מאכלים און געטראַנקען פון פעלד־אַר־בעטער; עס איז אַ שטייגער־דערציילונג פון אַ גאָר, גאָר וויטער תקופה, פון אַזאַ וויטער תקופה, וואָס זעט שוין אויס צו זיין געווען אויך זייער וויט אין די צייטן, ווען די מסדרים פון תנ״ך האָבן דאָס מעשהלע איינגעשלאָסן אין ספר הספרים. אַ ראיה דער פּסוק: „וזאת לפנים בישראל״, אַזוי איז פּאַרצייטנס געווען ביי יידן. פון וואָרט „פּאַרצייטנס״ איז צו זען, אַז דער מנהג וועגן וועלכן דער מחבר רעדט האָט שוין אין די צייטן פון צוזאַמענשטעלן די מגילה, נישט עקזיסטירט, און ער גיט עס איבער, אַז עס זאָל נישט פאַרלוירן גיין פאַר די דורות. עס איז הייסט עס אַ „ריין ליטעראַרישע״ אַרבעט.

אין יענער וויטער תקופה, איז נאָך דאָס פאָלק ישראל נישט בלויז וויט געווען פון זיין אַ פאָלק מיט וועלט־באַגריפן נאָר אַפילו זיין גאָט איז נאָך וויט געווען פון זיין אַ וועלט־גאָט. עס איז געווען דער אלוהי ישראל, באַגרענעצט אויף דער קליינער טעריטאָריע פון די 12 שבטים (און אפילו דאָס אויך נישט שטענדיק, ווי דער תנ״ך אַליין דערציילט עס) מחוץ פון די גרענעצן פון ישראל זענען דאָ אַנדערע געטער, אַנדערע פאָלקס־פּאַטראָנעס, אַנדערע געזעצן און אַנדערע מנהגים. און שוין אַביסל ווייטער אין די שדי מואב, אין די פעלדער פון מואב, פאַרפליכטן אַנדערע מנהגים און אַנדערע גלויבנס:

ויהי בימי שפוט השופטים... און עס איז געווען אין די צייטן ווען די שופטים האָבן געמשפּט, אין די צייטן ווען די שבטים זענען נאָך נישט געווען צונויפגעשמאָלצן אין איין פאָלק, און קיין קעניג, וואָס זאָל סימבאָליזירן די אייניקייט, איז נאָך נישט געווען. יעדער שבט האָט געוווינט אין זיין נחלה, און אַ בונד פון משפּחות איז געווען דער פאָדעם, וואָס האָט געבונדן אַלע בני ישראל, איז דעמאָלט אויס־געבראָכן אַ הונגער אין יהודה. האָט אַ מאַן מיטן נאָמען אלימלך גענומען זיין פרוי נעמי, זיינע צוויי זין מחלון און כליון און אויס־געוואַנדערט „אין די פעלדער פון מואב״.

אַרויס פון ישראל איז אויס בונד מיטן פאָלק און מיטן גאָט פון ישראל. נעמען זיך מחלון און כליון צוויי מואבישע מיידלעך ערפּה און רות אַלס פרויען. און די גאַנצע משפּחה אלימלך לעבט צופרידן צען יאָר אין פרעמדן לאַנד.

עס געשעט אָבער אַן אומגליק. אַלע דריי מענער שטאַרבן אין דער פרעמד, עס בלייבן דריי אלמנות. נעמי האָט דערוויל געהערט, אַז „גאָט האָט זיך דערמאָנט אין זיין פאָלק אים צו געבן ברויט". באַשליסט זי זיך אומצוקערן אַ היים. אָבער די צוויי פרעמדע שנירס האָבן זיך אַזוי צוזאַמענגעלעבט מיט זייער שוויגער פון ישראל, אַז זיי קענען זיך נישט שיידן, און דאָ גייט אַ דיאַלאָג, וואָס האָט אַלע אייביקע חנען פון פּשוטער מענטשלעכער צוגעבונדנקייט.

נעמי: „קערט אייך אום מיינע טעכטער צו אייער פאָלק און צו אייער גאָט, איך קאָן דאָך שוין מער קיין זין פאַר אייך נישט האָבן. און ווען אפילו, וועט איר דען אויף זיי וואַרטן, קערט אייך אום". און אַלע דריי וויינען.

בלויז ערפּה לאָזט זיך איבערצייגן. קושט די שוויגער און די שווענערין, און קערט זיך אום. אָבער רותס טריישאַפט איז אומ־מעגלעך צו ברעכן:

„ניין. נאָר, ווו דו וועסט גיין וועל איך גיין, ווו דו וועסט נעכטיקן, וועל איך נעכטיקן. דיין גאָט איז מיין גאָט. דיין פאָלק איז מיין פאָלק". מען ווערט נישט סתם אַזוי די עלטער־באָבע פון דוד מלך ישראל חי וקים.

ביידע פרויען וואַנדערן און קומען אָן אין דער שטאָט, פון וועל־כער זי' האָט אויסגעוואַנדערט מיט צען יאָר צוריק מיט דער גאַנ־צער משפּחה, קיין בית־לחם, דער שטאָט, וואָס וועט אַזאַ ראָל שפּילן אין דער יידישער געשיכטע און אין דער וועלט־געשיכטע.

דאָס, וואָס קומט נאָך, וואָלט אינגאַנצן געקענט פאָרקומען אין אַ יידיש שטעטל פון פוילן. דערצו וואָלט מען בלויז באַדאַרפט פאַרטייטשן דעם העברעאישן נאָמען „נעמי" אויפן יידישן, „זיסע".

די ווייבער פון שטאָט זענען שטאַרק דערשטוינט, דערזעענדיק נעמין אין אַזאַ מעמד. זיי זאָגן: דאָס איז נעמי? און נעמי־זיסע ענטפערט: רופט מיך נישט זיסע, רופט מיך ביטערע, ווייל גאָט

האָט מיך זייער פאַרביטערט. „אל תקראנה לי נעמי, קראנה לי מרה, כי המר שדי לי מאר״.

די צוויי פרויען קומען קיין בית־לחם אָרעם און עלנט, אָבער יידן האָבן זיך שוין אין זייערע פרימיטיוועסטע צייטן איינגעשטעלט פילאַנטראָפּישע און סאָציאַלע אינסטיטוציעס. אפשר נאָך נישט אין קיין גרויסאַרטיקע ביוראָס. אפשר אָן גוט־געצאָלטע פונקציאָנאַרן, אָבער די פולע ווירקזאַמקייט איז דערפאַר אפשר אַ גרעסערע. די אינסטיטוציע האָט געהייסן „פאה״ און אַמאָל אַ דרייפאַכיקן נאָמען „פאה״, „לקט״, „שכחה״. זי איז באַשטאַנען דערין, וואָס דער בעל־הבית פון פעלד האָט נישט געהאַט קיין רעכט צו באַשניידן זיין פעלד ביז צום ראַנד. ער האָט געמוזט איבערלאָזן אַן עק („פאה״) מיט פאַר־וואַקסענע זאַנגען פאַרן אָרעמאַן. אַ חוץ דעם האָט דער אָרעמאַן גע־האַט די רעכט צו קלייבן („לקט״) פון די זאַנגען, וואָס פאַלן אָפּ ביים שניט, אָדער פון די, וואָס דער שניטער פאַרגעסט (שכחה) אָדער מאַכט זיך פאַרגעסן.

און נאָך אַ מנהג האָט עקזיסטירט, אָדער מער ווי אַ מנהג, אַן איינגעשטעלטער סדר: עס טאָר נישט פאַרשניטן ווערן דער זכר פון אַ משפחה ביי יידן. ווען עס שטאַרבט אַ קינדערלאָזער איז דער נאָענטסטער קרוב פון דער משפחה מחויב צוריק „אויפצובויען״ דעם נאָמען פון פאַרשטאָרבענעם דורך פאַרוואַלטן מיט אַלעם, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט, דורך נעמען די אלמנה און אַלץ, אפילו די געבוירענע קינדער אָנרופן אויפן נאָמען פון פאַרשטאָרבענעם.

טיילוויז געשיצט דורך אַזאַ איינגעשטעלטן סדר, שיקט נעמי איר מואבישע שנור אין די פעלדער פון איר רייכן קרוב בועז, צו קלויבן זאַנגען און מיט דער פאַרטרויאונג פון נאָך אַ וויכטיקערער מיסיע, בועזן צו דערוועקן אַלס אויסלייזער...

דער שמועס, וואָס אַנטוויקלט זיך דערנאָך צווישן דער אָרע־מער פרעמדער רות און רייכן באַלעבאַטישן בועז טראָגט אין זיך אַלע פרישקייטן און אַלע רמזים פון אייביקן פלירט צווישן מאַן און פרוי.

בועז: עס איז מיר געזאָגט געוואָרן, וואָס דו האָסט געטאָן מיט דיין שוויגער (און מיינט די שניר), אַז דו האָסט פאַרלאָזט, דיין פאָ־טער, דיין מוטער און דיין פאָטערלאַנד און געגאַנגען צו אַ פאָלק,

וואָס דו האָסט נישט געקענט נעכטן, אייערנעכטן, זאָל דער גאָט פון ישראל אונטער וועמענס פליגלען דו ביסט דיך געקומען שיצן, דיר באַצאָלן דיין לוין.

— רות: הלוואי וואָלט איך כאָטש ווערט געווען צו זיין איינע פון דיינע דינסטן.

נאָך די קעגנזייטיקע קאָמפּלימענטן קומט רות צו איר שוויגער מיט אַ פולער לאָדונג פון גערשט, ווייץ און פּאַרטיק ברויט.

אָבער דער פּלאַן פון דער שוויגער צילט ווייטער: „טאָכטערשי, אַלץ וואָס איך וויל איז דאָך געפינען אַ רו פאַר דיר, עס זאָל דיר גוט זיין״. זי דערציילט איר, אַז בועז איז אַ קרוב און דאַרף זיין דער אויסלייזער פון נאָמען פון דער משפחה אלימלך.

זי גיט איר צו פאַרשטיין, אַז די זאַך פאָדערט אַ ווייטערע דערגענטערונג, און די גוטע שנור פאָלגט. גייט אין שייער אַריין ווו עס שלאָפט בועז... בלויז צו רוען נעבן אים...

אַלץ גייט דערנאָך לויט דער שוויגערס פּלאַן. בועז ווערט דער אויסלייזער. און דער מחבר פון מעשהלע, הגם ווי שוין אויבן געזאָגט, לעבט ער אַ סך שפּעטער ווי דער מנהג האָט עקזיסטירט, געפינט פאַר נויטיק צוליב ריין — זעט אויס — ליטעראַרישע טעמים, צו דערציילן דעם מנהג פון שליפת הנעל, פון שליסן אַן אָפּמאַך דורך אַראָפּציִען אַ שוך, מיט אַלע פּרטים.

עס קומט דערביי צו אַ גרויסער צערעמאָניע ביים טויער פון שטאָט. אַלע שטאָט-מענטשן זאַמלען זיך צונויף, מען ווינטשט זיך און מען פרייט זיך און מען רופט אויס: „זי זאָל ביי דיר זיין ווי רחל און לאה, וואָס האָבן געבויט דאָס הויז פון ישראל״. רות, די פרעמדע איז שוין נישט בלויז אַן אייגענע טאָכטער, נאָר אַן אייגענע מוטער, איינע פון די אמהות.

לויטן יחוס-בוים, וואָס דער מחבר גיט אין סוף פון ספר, קומט פון פאַרפאָלק רות-בועז אַרויס דוד-המלך, דאָס איז אפשר אויך די איינציקע טענדענץ פון מחבר אונדז צו געבן דעם שטאָם פון דודן, לויט אונדזערע היינטיקע באַגריפן איז עס אַן אַנטי-ראַסיסטישע טענדענץ. דוד דער אייביקער נאַציאָנאַלער העלד, דער דוד מלך ישראל חי וקים, וועמען די טראַדיציע האָט געמאַכט פאַרן אומ-

שטערבלעכן שעפער פון די תפילות פון תהילים, דער דוד קומט אַרויס פון דער גיורת, פון דער מואביה רות.

אין דער צייט, וואָס דאָס איינשליסן אין תנ״ך שיר השירים, קוהלת און אפילו יחזקאל, האָט אָנגעטראָפן אויף אַ סך קעגנער־שאַפט... האָט דאָס אַריינגעמען דאָס באַחנטע פעלד־מעשהלע פון רות נישט אָנגעטראָפן אויף קיין שום התנגדות.

בלויז אויף איין אָרט ווערט דערמאָנט, אַז איין שטרענגער תנא — זעט אויס נישט קיין גרויסער קונסט־אָנהענגער — האָט זיך גע־וווּנדערט, וואָס רות, אַ ספר אין וועלכן עס זענען נישטאָ קיין היתירים און קיין איסורים, איז אַריין אין תנ״ך.

צום גליק האָבן די מסדרים פון תנ״ך אַרויסגעוויזן מער חוש פאַר שיינקייט, און געגוג געשמאַק אונדז צו לאָזן לדורות די פריש־טויאיקע, באַחנטע דערציילונג פון אַלטן פרימיטיוון פאָלקס־שטייגער. לאָמיר אויך זיין דאַנקבאַר אונדזערע עלטערן פאַר האָבן דעם גע־זונטן חוש איינצופירן דעם מנהג פון לייענען די מגילה פון רות אין יום־טוב פון ביכורים, פון פרילינג־רייפקייט, אין שבועות.

# קוהלת

ווען דיביימער בליען, די פייגל צוויטשערן, די וועלט און דער מענטש ווערן פאַריונגערט און באַנייט, זאָגן מיר שיר השירים, דאָס געזאַנג איבער אַלע געזאַנגען. אין סוכות־צייט, ווען די לעצטע בלע־טער פאַלן פון די ביימער, די הימלען ווערן נידעריק און גרוי, און די פעלדער נאַקעט און אָרעם, ווען עס שמעקט מיט נאַסקייט, פייכט־קייט, קעלט און עלטער, ווערן מיר פילאָזאָפיש געשטימט. עס קומט די צייט פון נאָכטראַכטן. און וועלכע ווערטער זענען אַזוי פּאַסיק צום געמיט פון האַרבסט, ווי די ווערטער פון קוהלת: הבל הבלים, הכול הבל?

לאָמיר טאַקע אַביסל איבערבלעטערן דאָס מערקווירדיקע בוך, די ווערטער פון גרויסן סקעפּטיקער, פון געזאַלבטן פּעסימיסט, פון קוהלת, דעם זון פון דוד, מלך אין ירושלים.

צוויי ספרים זענען דאָ, וואָס זענען נישט אויף דער ליניע פון דער אַלגעמיינער תנכישער טענדענץ: איוב און קוהלת. אָבער אין דער צייט, וואָס דער ערשטער, איוב, פאַרקלאָגט זיך אויפן גורל פון יחיד און אויף דער אומגערעכטיקייט פון גאָט, וואָס באַצאָלט נישט דעם צדיק לויט זיינע פאַרדינסטן און נישט דעם רשע פאַר זיין רשעות, קלאָגט זיך קוהלת אויף גאָרנישט, קוהלת איז נישט קיין מתרעם. ער וויל גאָרנישט און האָפט אויף גאָרנישט. ער קאָנסטאַ־טירט בלויז, אַז אויף דער וועלט הערשט אַ שלעכטער סדר, אָבער אויך די האָפענונג, אַז עס קען בעסער ווערן, איז גאָרנישט ווערט. הבל הבלים, הכול הבל.

איוב איז יחידיש, קוהלת איז סאָציאַל. ער איז אָבער נישט קיין רעוואָלוציאָנער. ער וויל גאָרנישט איבערמאַכן. ער איז אַ פילאָ־

זאָף־סקעפּטיקער פול מיט יאוש. אין דער מעגלעכקייט צו קענען איבערמאַכן די מענטשלעכע נאַטור, גלויבט ער נישט. די וועלט איז אַ „מעוות לא יוכל לתקון". „אַ פאַרקרומעניש, וואָס קען נישט אויס־געבעסערט ווערן". פון קוהלתן וואָלט געווען אַ שלעכטער סאָציאַ־ליסט. צום סאָציאַליזם מוז מען האָבן אמונה. איז טאַקע קוהלת זייער ווייט פון גייסט פון די נביאים, פון זייער ליידנשאַפטלעכן קאַמף פאַר צדק און יושר. ער איז די פאַרקערפּערונג פון אַפּיקורס. די צווייטע זייט פון אמונה, וואָס האָט שטענדיק באַגלייט דעם יידישן געדאַנק.

נישט געווען דאָס שטעטל, דאָס בית־מדרש, נישט געווען דאָס הסידישע שטיבל, ווו נעבן חסידים מאמינים, תמימים און פרומע, זאָל זיך נישט געפונען כאָטש איין אפּיקורס. ער איז געווען ווי דער שאָטן, וואָס באַשטעטיקט, אַז עס איז פאַראַן ליכט. ער איז געווען די צווייטע זייט פון דער מטבע, אָן וועלכער עס וואָלט געפעלט גאַנצקייט. איוב און קוהלת, נאָכמער קוהלת ווי איוב, זענען געווען די צווייטע זייט — די רעוואָלטירנדיקע —, פון אַ יידנטום, וואָס האָט דעם עיקר פון זיין נאַציאָנאַלן זשעני, פאַרוועגדט אויף דעם ליידנשאַפטלעכן קאַמף פאַרן גלויבן, אויף טראָגן אמונה צווישן די פעלקער, אָבער מיט דעם שטענדיק געשאַפן אַ ווינקל פון אַפּיקור־סישן ווידערשטאַנד.

נישט בחינם האָבן אַ סך קנאים פון די אַלטע צייטן געטראַכט צו באַהאַלטן קוהלת (בקשו לגנוז...) און נישט אים אַריינצונעמען אין די כתבי הקידש, אָבער די מסדרים פון תנ"ך, האָבן געהאַט מער ווייטזעעוודיקייט. זיי האָבן — און אפשר מיט דער פולער כוונה — פאַר אונדז געעפנט אַ פענצטערל צו דער צווייטער זייט פון יידנטום, צו דער עפּיקורעאישער, צדוקישער.

קוהלת און איוב זאָגן עדות נישט בלויז וועגן זיך, נאָר וועגן אַ גאַנצן שטראָם, וואָס האָט, נעבן הויפּט־שטראָם פון אמונה און רעליגיעזיטעט, אויך מיטגעפלאָסן אין דער זייט, און וועגן גאַנצע תקופות, וואָס זענען ווייט נישט געווען אַזוי אמונהדיק „גלייכגעשאַל־טעט"...

וואָלט עס די קנאים געלונגען צו באַהאַלטן קוהלת, וואָלטן מיר געווען אַ סך אָרעמער, מיר וואָלטן געקענט בלויז איין זייט פון יידנטום, אָבער נישט די צווייטע, די צוויפלענדיקע, — די איראָני־

זירנדיקע, די פילאָזאָפישע, די וואָס קוקט מיט אַ לייכטן שמייכל אויף אַלע באַמיאונגען, איינרעדענישן פון מענטש.

ואמרתי אני בלבי על דברת בני אדם לברם האלוהים... און איך האָב מיר געטראַכט אין מיין האַרץ וועגן די רייד פון די מענטשן, אַז גאָט האָט זיי אויסדערוויילט און געזען, אַז זיי זענען פונקט ווי די בהמות. איין טרעפונג טרעפט זיי. און עס איז נישטאָ קיין העכער־קייט פון מענטשן איבער דער בהמה, וואָרעם אַלץ איז נאַריש...

*

קוהלת איז אָבער ביי דעם אַלעם נישט קיין אַטעאיסט. עס איז נישט געווען אין יידישן כאַראַקטער צו פאַרלייקענען גאָט. ער איז בלויז אַן אפיקורס. זיין אַן אפיקורס איז זייער יידישלעך. ער גלויבט אין גאָט, אָבער ער גלויבט נישט, אַז גאָט אַליין זאָל קענען ענדערן די איינמאָל פאַר אַלעמאָל פעסטגעשטעלטע געזעצן. „דאָרט ווו דער בוים פאַלט, דאָרט ליגט ער" און „אַלץ אויף דער וועלט האָט זיך זיין צייט". קיין שום באַמיאונגען צו ענדערן עפּעס, פועלן נישט, דער מענטש קען נישט דעם מעכאַניזם פון די געשעענישן.

אָבער זייער יידיש און אפילו נאָענט צו די נביאים ווערט קוהלת, ווען ער קומט צום שלעכטן סדר, וואָס די מענטשן אַליין האָבן איינ־געשטעלט, דאָרט ווו עס איז געווען אָפּהענגיק פון זיי אַליין: אין סאָציאַלן לעבן.

„און איך זע די רויבערייען, וואָס ווערן אָפּגעטאָן אונטער דער זון און די טרערן פון די באַרויבטע, וואָס האָבן נישט קיין טרייסטער, לויב איך די טויטע מער ווי די לעבעדיקע" און אויף אַן אַנדער אָרט: „אויב רויב און אומגערעכטיקייט וועסטו זען אין לאַנד, וווּנ־דער זיך נישט איבער דער זאַך, ווייל איינער וואַכט העכער איבערן צווייטן און איבער זיי זענען דאָ נאָך העכערע", אַבסאָלוטע מאַכט, היעראַרכיע און אומגלייכקייט זענען אין די אויגן פון אונדזער קע־ניגלעכן אַנאַרכיסט די גורמים פון אַלעם שלעכטן. אָבער נישט גאָט האַלט ער פאַר שולדיק אין שלעכטן סדר. גאָט איז אין הימל און פאַרנעמט זיך איבערהויפּט נישט מיט די מענטשן. „גאָט האָט דעם מענטשן באַשאַפן אַ גראָדליניקן, נאָר זיי האָבן געזוכט זיך צו פאַר־פּלאָנטערן".

און דער יידישער עפּיקורייער וואַרפט אָן אַלע גרונט־פּראָבלע־

מען פון לעבן: סאָציאַלע און אינדיווידועלע, וועגן חכמה און נאַ־רישקייטן, מאַכט און עשירות, אייביקייט און צייטלעכקייט, לעבן און טויט, באַציאונג צו פרויען און אויסדערוויילטקייט פון מענטש און צו וואָסאַרע אויספירן ער זאָל וועגן זיי נישט קומען, פאַרגעסט ער נישט אין זיין לייט־מאָטיוו: „נישטיק איבער אַלע נישטיקייטן. אַלץ איז נישטיק״.

צווישן חכמה און נאַרישקייט איז זיכער בעסער אויסצווויילן חכמה, אָבער „איין טרעפונג טרעפט אַלעמען. צוליב וואָס ווידער זיין קלוגער פון אַנדערע״?

אוודאי איז בעסער, דעם לעבעדיקן הונט ווי דעם טויטן לייב, אָבער עס איז קלוגער צו גיין צו אַן אבל, ווי צו גיין אויף אַ סעודה.

צווישן אָרעמקייט און חכמה הייסט אונדזער אַנאָנימער פילאָ־זאָף, וואָס באַהאַלט זיך אונטערן קעניגלעכן מאַנטל פון קעניג שלמה, אויסוויילן חכמה. „עס איז בעסער יונג, אָרעם און קלוג, ווי צו זיין אַן אַלטער מלך און אַ נאַר. אָבער „עס איז קלוגער צו געניסן פון אָנגעזאַמלטע גיטער, איידער זיי איבערצולאָזן פאַר איינעם, וואָס האָט זיך וועגן זיי נישט געמיט. און ווער ווייס, צי דער, וואָס קומט נאָך אונדז, צו ירשענען, וועט זיין אַ קלוגער אָדער אַ נאַר?״

„די פרוי האָט אַ האַרץ ווי אַ פאַסטקע און הענט ווי קייטן״, אָבער „לעב אויס דיינע נישטיקע יאָרן מיט דער פרוי, וואָס דו האָסט ליב״.

אַזוי לערנט אונדז דער אַלטער יידישער פעסימיסטישער פילאָ־זאָף הין און צוריק, און אַלץ ענדיקט ער מיטן רעפריין: הבל הבלים, הכל הבל. ער האָט פאַרן מענטש נישט קיין פעסטן וועג, אָבער ווי אַ פילאָזאָף, נישט־רעוואָלוציאָנער, רעקאָמענדירט ער זען „קליינ־בירגערלעך״ אַ מיטל־וועג: „זיי נישט צופיל צדיק, אָבער טו נישט קיינעם קיין שלעכטס, זוך נישט צופיל חכמה, אָבער זע צו האָבן די אויגן אין קאָפּ; געניס פון גוטס, וואָס דו האָסט אָנגעזאַמלט, אָבער געדענק, אַז זיס איז דער שלאָף פון אַרבעטער סיי ער עסט ווייניק, אָדער אַ סך, און די זאַטקייט פון רייכן לאָזט אים נישט שלאָפן״.

קוהלת האָט נישט קיין פעסט־געפאַסטן פילאָזאָפישן סיסטעם אויפן גריכישן שטייגער. ער איז פּאָעט און דענקער. ליריש און פילאָזאָפיש, סקעפּטיש און זוכער פון יושר, וועלטלעך און דאָך

שטרענג יידיש אין זיין אויפריכטיקער פאַרביטערונג איבערן מאַנגל פון רעכט און געזעץ אויף אונדזער ערד.

די סימפאָניע פון תנ״ך וואָלט נישט געווען קיין גאַנצע, קיין האַרמאָנישע אָן איוב קוהלת. מיר וואָלטן פאַרלירנדיק זיי, פאַרלוירן אַ טייל פון אַמאָליקן און אייביקן יידישן געדאַנקען־גאַנג. דאָס האָבן די קאַנאָניזירער פון תנ״ך באַגריפן, זענען מיר זיי דאַנקבאַר פאַר לאָזן אונדז אַזאַ אייביק מענטשלעכן דאָקומענט פון נשמהדיקער אינטימקייט, פון אַ סיסטעמלאָזן, אָבער דערפאַר נאָכמער האַרציקן פילאָזאָפישן ספר.

# אַנרי בערגסאָן

אין מאָמענטן פון התגלות האָבן זעלטענע יחידים — נביאים און מיסטיקער — באַנומען דאָס אינערלעכע פון באַשאַף, אַריינגע־דרונגען אין זיין תוך און פון פנימיות צו פנימיות איינגעשטעלט — אויב מ׳קען זיך אַזוי אויסדריקן — אַ פאַרבינדונג מיט דער געטלעכ־קייט. אין מאָמענטן פון אינטעלעקטועלן אָנשטרענג, מאַכנדיק אַ וועג פאַר דער אינטואיציווער אַנונג, וואָס איז דעם מענטשן אויף אַ נאַ־טירלעכן אופן געגעבן, האָבן געציילטע גאונים פון געדאַנק דערזען מיט זייערע אויגן פון גייסט אַ וויזיע פון אוניווערס אין זיין גאַנצער אומענדלעכקייט ווי אין זיין אומענדלעכער גאַנצקייט.

פאַר זייערע מיטמענטשן האָבן זיי גאַרנישט פאַרענטפערט. פאַר זיך אַליין קוים אויפגעשטעלט פאַרנעפּלטע סיסטעמען, אָפּפרעגבאַרע מעטאָדן פון דערקענטעניש, נאָך וועלכע ס׳בלייבט אַלעמאָל די „אַלטע קשיא״, אָבער אַלע זענען זיי געבליבן אַ לעבעדיקער באַווייז פון אייביקן נישט געשטילטן דורשט פון מענטש זיך צו דערקענען און פון זיך צו דערקענען די אייביקייט.

איינער פון יענע אויטענטישע גייסטער, וואָס די לייטער פון זייער באַגער צום וויסן שטייט אויף דער ערד אין אירע שפּיצן פאַר־לירן זיך אין די העכסטע היכלן, איז געוועזן דאָס אייניקל פון חסידיש־נגידישן יחוס און לומדישער טראַדיציע פון פּוילישן יידנטום — אַנרי בערגסאָן.

פאַר די פראַנצויזן — דער גרעסטער גייסט זייט דעקאַרט, פאַר אונדז יידן — דער גרעסטער פילאָזאָף נאָך שפּינאָזאַ. איז ער פאַר דער דענקענדיקער מענטשהייט איינער פון די זעלטענע גייסטער, וואָס זייט פּלאַטאָן און נאָך פריער שטייען זיי ווי פייער־זיילן לענגאויס

דעם וועג פון די מענטשלעכע זוכענישן אים צו באַהעלן מיט זייער אינערלעך ליכט.

און אויב אויך נאָך דעם באַקענען זיך מיט בערגסאָנס וועלט־באַנעם וועלן מיר אומבאַפרידיקטע הערן אין זיך דאָס קול פון איי־ביקן פויסטישן פּזמון: „און ערשט זע איך, איך אָרעמער נאַר, אַז קליגער בין איך נישט מער ווי פריער", וועט אונדז דער פילאָזאָף, צום אונטערשיד פון אַלע פילאָזאָפן ביז אים, קענען ענטפערן: האָב איך אייך דען נישט געוואָרנט, אַז מיט קלוגשאַפט אַליין וועט איר קיינמאָל נישט באַגרייפן דאָס, וואָס איז מיטן שכל אומבאַגרייפלעך? בערגסאָן שיקט אונדז נישט אָפּ צום שכל, ווענמענס מעגלעכקייטן זענען רעלאַטיוו און באַגרענעצט, ווי דער בעל־משלי הערט ער אונדז נישט אויף צו וואָרענען: „ואל בינתך אל תשען", אויף דיין פאַרשטאַנד זאָלסטו דיך נישט פאַרלאָזן. אָבער מיט דער בלויזער נעגאַטיווער קאָנסטאַטירונג באַגנוגנט ער זיך נישט. אין קעגנזאַץ צו קאַנטן, וועמען די רעלאַטיוויטעט פון שכל מאַכט פאַרצווייפלט און רעזיגנירט, רוקט אונדז בערגסאָן אונטער אַן אַנדער מיטל פון דער־קענטעניש, וואָס איז אין זיין מהות אַליין אַזוי פּנימיותדיק ווי די אינערלעכקייט פון לעבן, וועלכע ער וויל דערקענען און מיט דער דאָזיקער אינערלעכער מאָס הייסט ער אונדז זיך דערגראָבן צו די טיפענישן פון אייביק־שטראָמיקן שעפערישן גייסט, וואָס איז לעבן. דאָס מיטל מיינט — אינטואיציע.

זיך אַראָפּלאָזן אין די אייגענע טיפענישן, זיך צוריקציען אין די אייגענע אינערלעכקייטן, רעקאָמענדירט אונדז בערגסאָן. נישט מאַכן קיין בחינמדיקע אָנשטרענגונגען צו דערקענען דאָס אַבסאָלוטע מיט אונדזער אויסערלעכן אינטעלעקטועלן „איך", נאָר מיטן צווייטן אינערלעכן אינטואיטיוון „איך". דער ערשטער איז געוווינט צו באַ־נעמען בלויז דאָס אויסערלעכע, דאָס נוצלעכע, צו באַגרייפן די אויסערלעכע דערשיינונגען פון דער מאַטעריע. להיפּוך, דער צווייטער אינערלעכער „איך" קען אַריינדרינגען אין תוך פון לעבן, אין זיין נישט־איבערגעריסענעם שטראָם, און באַגרייפן דאָס גאַנצע, דאָס וואָס „האַלט די שאַפונג אינערלעך צוזאַמען". בערגסאָן גיט דערמיט צוריק דעם מענטשן די סוווערענע רעכט אַריינצובליקן אין סוד פון בראשית, וואָס די קאַנטישע קריטיק פון פאַרנונפט האָט ביי אים

צוגענומען. ער דערהויבט דערמיט די מענטשלעכע חשיבות צו די העכסטע הויכקייטן.

לויט קאַנטן קענען מיר בלויז באַנעמען די וועלט פון אויסער־לעכע דערשיינונגען, דאָס רעלאַטיווע, דעם „דינג אַן אונדז", אָבער קיינמאָל נישט דאָס וועזן פון די זאַכן, דאָס אַבסאָלוטע, דעם „דינג אַן זיך"; אונדזער שכל איז באַגרענעצט, זאָגט קאַנט, ער איז צוגע־פּאַסט צו באַנעמען בלויז די פאַרהעלטענישן צווישן אונדז און דער אויסערלעכער וועלט, אָבער נישט אַריינצודרינגען אין זייער תוך; מ'ר קענען די געזעצן, וואָס פאַרבינדן די דערשיינונגען, מיט זיי באַ־נוצט זיך די וויסנשאַפט, אָבער זייער אינערלעכער מהות פאַר אונדז איז פאַרהוילן.

די קאַנטישע קריטיק פון אונדזער שכל, דאָס אָפּזאָגן איינמאָל פאַר אַלעמאָל דעם מענטשן די קראַפט אַריינצודרינגען אין די „הינטער־קוליסן" פון די דערשיינונגען, באַדייט די רעזיגנאַציע פון מענטש צו באַנעמען דאָס אַבסאָלוטע און דערקענען דעם מהות פון אין סוף.

אויף וואָס בערגסאָן ענטפערט: אמת, דער שכל קען נישט משיג זיין דעם עצם גופא פון אוניווערס, אָבער דערפון דרינגט כלל נישט אַרויס, אַז דער מענטש איז נישט מסוגל צו דערגיין צום תוך פון לעבן. עס דרינגט דערפון בלויז אַרויס, אַז דער שכל איז נישט דער פּאַסיקער אינסטרומענט פאַר דער דאָזיקער עבודה. דער אינטע־לעקט, וואָס האָט די געוווינהייט צו אַנאַליזירן די אָביעקטן אוטילי־טאַריש, איז טאַקע בלויז געפּאַסט פאַר דער וויסנשאַפט, ער טויג בלויז צו אַנאַליזירן די באַציאונגען, דעם אויסערלעכן צוזאַמענהאַנג פון די דערשיינונגען, אָבער נישט די אינערלעכקייט, וואָס איז צוליב איר אַבסאָלוטן אומאוטיליטאַרן כאַראַקטער פאַר אים נישט צוטריט־לעך. אַזאַ אינסטרומענט אַריינצודרינגען אין עצם פון באַשאַף און באַנעמען זיינע אומאויפהערלעכע שינויים איז אָבער יאָ פאַראַן. דאָס איז די אינטואיציע, דער אינערלעכער, נאַטירלעכער אינסטינקט, וואָס שטאַמט פון די אורקוואַלן פון לעבן. מיט זיין הילף זענען מיר אימשטאַנד זיך צו פאַרטיפן אין סאַמע תוך פון דער עקזיסטענץ. בעת דער שכל איז אוטיליטאַר און קאָן דעריבער נאָר דערקענען דאָס אויסערלעכע, דאָס רעלאַטיווע, קען די אינטואיציע, דער אומפּאַר־

אינטערעסירטער, צום באַוווסטזיין דערהויבענער אינסטינקט, דער־קענען דאָס אַבסאָלוטע, דאָס אינערלעכע; דער שכל באַגרייפט בלויז די אומבאַוועגלעכע, סטאַטישע אין אָרט אויסגעשפרייטע מאַטעריע, די אינטואיציע דרינגט אַריין אין דינאַמישן שעפערישן לעבן.

עס איז, לויט בערגסאָנען, געווען אַ מיספאַרשטייעניש מצד אַלע פילאָזאָפן ביז איצט. זיי האָבן זיך טועה געווען מיטן אינסטרו־מענט. אַ שטייגער ווי מיר וואָלטן וועלן מעסטן לופט־דרוק מיט אַ מעטער, אָדער אַנאַליזירן חלומות מיט דער הילף פון כעמישע מיטלען...

דאָס לעבן, דערקלערט בערגסאָן, וועלנדיק אונדז נוצלעך מאַכן די זאַכן, האָט אויף זיי אַרויפגעצווונגען אַ שלייער, וואָס פאַרדעקט פאַר אונדז דאָס אינערלעכע, דאָס אין טעגלעכן לעבן אומנוצלעכע, און נאָר דעם מענטשן מיט אַ שטאַרק־אַנטוויקלטער אינטואיציע. דעם קינסטלער, איז געגעבן געוואָרן די קראַפט אויפצוהויבן דעם שלייער פון דער נאַטור.

דער גרויסער אויפטו פון בערגסאָנען איז דאָס אָפּטיילן „שכל" פון „אינטואיציע" און דאָס באַשטימען די געביטן פון באַנעם פאַר יעדן איינעם פון זיי און ווידער ווי דער בעל משלי שיינט אונדז בערגסאָן צו זאָגן: „לך אל נמלה עצל, ראה דרכיה וחכם". „גיי צו דער מוראַשקע לערנען אירע וועגן און ווער קלוג". אָבער נישט אָפּזאָגן זיך פון שכל, רופט אונדז בערגסאָן, נאָר אים לענקען אין דער ריכטונג פון זיין געביט — צו דער וויסנשאַפט. דאַקעגן איז די אויפגאַבע פון דענקער צו דערהויבן די נאַטירלעכע מיטלען פון אינסעקט, דעם אינסטינקט, צו דער מדרגה פון מענטשלעכער אינטואיציע, און מיט איר הילף נעמען קאָנטאַקט מיטן שעפערישן לעבן.

דער גרונט־כאַראַקטער פון מענטשלעכן שכל — דעפינירט בערגסאָן — איז די אייגנשאַפט אויסצוטראַכטן די פאַבריצירונג פון אינסטרומענטן. דער אינסעקט אָבער באַקומט געוויסע אינסטרומענטן, ווי מיטגעבוירענע איברים. ער באַנוצט זיך מיט זיי אינסטינקטיוו. די נאַטור אין איר שפּאָרזאַמקייט, האָט פאַר דעם מענטשן געקאַרגט די מיטגעבוירענע מיטלען, זי האָט אים אָבער געגעבן שכל זיי אַליין אויסצוטראַכטן, צו פאַבריצירן אינסטרומענטן און זיי אָנצווענדן אויף דער רויער מאַטעריע.

אַגווענדן אינסטרומענטן אויף דער מאַטעריע, מיינט אָבער נישט עפּעס אַנדערש, ווי ענדערן די פאָרם פון דער מאַטעריע. עס מיינט זי צעטיילן, אַרויסשניידן פון אָרט.

דער שכל, האָבנדיק די רגילות זיך אויסצואיבן איבער טויטער מאַטעריע, האָט דורך דעם אויך באַקומען די רגילות צו טראַקטירן די נאַטור, ווי זי וואָלט געווען אינערט, זיך אומצוגיין מיט איר, ווי מיט עפּעס וואָס איז טויט, פאַרגליווערט, אומענדערעוודיק.

דער שכל, זאָגט וויטער בערגסאָן, צעטיילט די מאַטעריע, ער נעמט נישט אין באַטראַכט דעם „דויער", ער פירט זיך אַזוי ווי דער „אַרום" וואָלט היינט, איצט, פּונקט אַזויפיל אַנטהאַלטן ווי נעכטן, ווי פריער, ווי די „קאָנקרעטע צייט" וואָלט גאָרנישט געהאַט קיין שליטה. דאָ ליגט זיין טעות, ווייל לעבן, אַן אומאיבערגעריסענע קייט פון שאַפן איז נישט אַנאַליזירבאַר דורכן שכל, וואָס צע־טיילט די מאַטעריע, כדי זי לייכטער צו באַהערשן, אָבער באַגרייפט נישט דאָס פליסנדיקע; דער שכל אַנאַליזירט דאָס „זיין", אָבער נישט דאָס „ווערן", ער נעמט נישט אויף די כסדרדיקע שינויים פון יעדן מאָמענט.

און דאָ קומען מיר צום צווייטן וואָרט, וואָס בערגסאָן האָט נעבן „אינטואיציע" אַריינגעוואָרפן אין חלל פון דער געדאַנקען־וועלט, — דעם באַגריף פון „דויער".

אויב דאָס וואָרט אינטואיציע באַציט זיך צו די מיטלען פון דערקענטעניש, ווערט דאָס וואָרט דויער — דער צענטער, דער תוך, דער אינהאַלט גופא פון דער דערקענטעניש. און פּונקט ווי אינטע־לעקט און אינטואיציע זענען באַזונדערע דערקענטעניש־מיטלען און דאָרט, ווו די אינטואיציע דרינגט אַריין קען דער שכל, דער אינטע־לעקט, נישט צוקומען, אַזוי שטעלט בערגסאָן אויך אַקעגן דער אויי־סערלעכער „צייט" דעם אינערלעכן „דויער". די צייט, וועלכע אונדזער שכל באַגרייפט, און דער וויסנשאַפטלער באַנוצט זיך מיט איר, איז אַן אַבסטראַקטער, קינסטלעכער באַגריף, באַרופן צו צעטיילן די מאַטעריע, צו איזאָלירן דעם חומר, כדי אים געאָמעטריש צו באַ־קענען און אים צו באַהערשן פאַר אוטיליטאַרע צוועקן. להיפך, דער „דויער", די קאָנקרעטע צייט, וואָס ברויך נישט קיין „אָרט", כדי

באַגריפֿן צו ווערן, מיינט אייביקער אומאיבערגעריסענער שטראָם פֿון שעפֿערישער, שאַפֿנדיקער עוואָלוציע.

רוים און צייט ווערן ביי בערגסאָנען אין באַגריף „רוימיזירטע צייט", מעסטבאַרע, אין גלייכע אָפּשניטן איינגעטיילטע, קוואַנטיטאַטיווע, אויסערלעכע צייט אין קעגנזאַץ צום „דויער", וואָס איז אוממעסטבאַר, אומטיילבאַר, קוואַליטאַטיוו און אינערלעך; צייט מאַכן מיר דורך, „דויער" לעבן מיר איבער. אַלס משל ברענגט בערגסאָן די פֿאַרשידענע פּסיכישע צושטאַנדן אין מענטשן ווי חלום, עמאָציעס אויף דער וואַך, א. אַז. וו. אין חלום מאַכן מיר מיט געשפּאַנטע איבערלעבונגען פֿול מיט אַקציע און דראַמאַטישקייט, וואָס זענען גאָרנישט פּראָפּאָרציאָנעל צו דער קוואַנטיטאַטיווער צייט פֿון זייער דויער. אויך אין מאָמענטן פֿון טיפֿע עמאָציעס לעבן מיר איבער צייט אָנשטאָט זי בלויז דורכצוגיין. דויער מיינט פּערמאַנענטע באַוועגלעכקייט, אומאיבערגעריסענער שטראָם פֿון גייסט און לעבן. עס איז אַ שטראָם פֿון מאָמענטן, פֿון וועלכע יעדער איינער קעגנוועריקער מאָמענט אַנטהאַלט די גאַנצע פֿאַרגאַנגענהייט און איז געווענדט צו דער אומבאַקאַנטער, אין זיך אַלע מעגלעכקייטן טראָגנדיקער צוקונפֿט. ווי דער שניי־באַלעם, וואָס קוילערנדיק זיך, פֿאַרגרעסערט ער זיך כּסדר מיט דער גאַנצער משא, וואָס ער נעמט מיט פֿון זיין וועג. אַזוי נעמט יעדער מאָמענט פֿון הוה אין זיך אַריין די גאַנצע פֿאַרגאַנגענהייט. ער איז דעריבער דער אויסדרוק פֿון אַבסאָלוטקייט און נאָר די אינטואיציע, וואָס איז אַזוי אַבסאָלוט ווי דער דויער קאָן אים באַנעמען און נישט דער שכל, וואָס באַנוצט זיך מיט דער אַבּסטראַקטער, מאַטעמאַטישער, קוואַנטיטאַטיווער, אוטיליטאַרער צייט.

דויער, שעפֿערישע עוואָלוציע מיינט נישט ביי בערגסאָנען אַן אַרויסוויקלונג פֿון צושטאַנדן, וואָס זענען שוין געלעגן פּאָטענציעל אין ערשטן אור־צושטאַנד. עס מיינט נישט, ווי ביי שפּינאָזאַן, אַ קייט פֿון רעזולטאַטן, וואָס זענען שוין נויטווענדיקערווייז געווען איינגעשלאָסן אין דער ערשטער סיבה. עס מיינט נישט אַן אַנטוויקלונג, וואָס איז געבונדן דורך אירע אייגענע געזעצן. ביי בערגסאָנען מיינט עוואָלוציע אַ כּסדרדיקער וווּקס פֿון שפֿע, פֿון נייע ספּאָנטאַנע כּוחות, וואָס פֿאַראורזאַכן זיך אַליין אין יעדן מאָמענט. כּביכול אַליין באַנייט זיך אין אַ כּסדרדיקן גאַנג פֿון גייסטיקער ענערגיע.

מען מוז דערביי כסדר געדענקען, אַז ביי בערגסאָנען מיינט „שאַפן" נישט דאָס אַנטשטיין פון מאַטעריעלע ווערטן. מאַטעריע איז, פאַרקערט, פאַר אים אַ סימן פון אָפּשוואַכונג פון ענערגיע. מאַטעריע שאַפט זיך אין מאָמענטן פון צעשטרייאונג פון גייסט. אויף דער ליניע פון יצירה, וואָס מיינט כסדרדיקע גייסטיקע שפּאַנונג, שטענדיקער לויף פון באַוווּסטזיין, פאַרבונדן און ווילן, קומט ערגעץ פאַר אַ מאָמענט פון אַנטשפּאַנונג, פון דערשעפּונג, דאָרט שאַפט זיך מאַטעריע, חומר געפינט זיך אויף דער זעלבער ליניע פון גייסט, נאָר אויף זיין עקסטרעמען פונקט פון אַנטשפּאַנונג, פון פאַרמאַטערונג. דאָרט הערט אויף לעבן און עס הויבט זיך אָן אינערציע, פאַרגליווערונג, פאַרשטיינערונג, טויט; חומר איז אַנטשפּאַנונג פון גייסט, גייסט מיינט אָבער ווילן בייצוקומען די מאַטעריע, באַזיגן דאָס אינערטע, ווערן לעבן.

צו אַ שטראָמיקער, פון אַלע זייטן שטויסנדיקער כוואַליע, פאַרגלייכט בערגסאָן דאָס לעבן, וואָס איז פאַר אים הוילע רוחניות. אין איר אָנפלוס ווערט די רוחניות כסדר געשטערט דורך דער מאַטעריע, דורך אַן אַנטשפּאַנונג, וואָס ווערט באַלד פאַרוואַנדלט אין פאַרשטייפטער, סטאַטישער מאַטעריע. בלויז אין איין פונקט רייסט זיך דער גייסט דורך. ביים דאָזיקן פונקט געפינט זיך דער מענטש. דאָס איז זיין פּריווילעגיע, דאָס איז זיין צוקונפט. דורך אים רייסט זיך דער וועלט־גייסט דורך אין חומר, אין קערפּער. אָבער ער, דער קערפּער, שאַפט נישט קיין גייסט, נישט דער מוח שאַפט רוחניות, ער איז בלויז איר טרעגער, אַזוי ווי דער באַסיין פון טייך איז דער טרעגער פון וואַסער־שטראָם. דער גייסט שטייט נישט אין קיין אַנדערער אָפּהענגיקייט פון געהירן, ווי דער וואַסער־שטראָם פון זיין טייך־קאָריטע. ער גייט איבער אים דורך, ער לאָזט אין אים איבער ממשותדיקע שפּורן (קנייטשן פון געהירן), אָבער ער דאַרף אים נישט צו זיין עקזיסטענץ. ווען דער גוף קערט זיך אום צו דער מאַטעריע, פאַרייניקט זיך צוריק די נשמה מיטן גייסט פון דער וועלט.

עס איז נישט די גאַנצע רעליגיעז־יידישע השארת הנפש, אָבער עס איז אַ געלייטערטער השארת הרוח, וואָס שטייט צו דעם שטרענג מאָניסטישן באַנעם אין דער גרעסטער נאָענטקייט.

דער טייל פון בערגסאָנס שיטה, וואָס קלערט אויף דעם מהות פון גייסט און מאַטעריע, געהער צו די אַמייסטן פאַרנעפּלטע פון זיין פילאָזאָפישן סיסטעם און גיט אָרט פאַר אַ סך דיסקוסיעס און פירוּשים. אָבער לאָמיר אויך דאָ פאָלגן דעם גרויסן דענקער און זיך עס פּרוּוון דערקלערן פון זיך אַליין, פון אינעווייניק, פון די אייגענע טיפענישן און אַלץ וועט מיטאַמאָל באַגרייפלעך ווערן: פילן מיר דען נישט אין מאָמענטן פון גייסטיקער אַנטשפּאַנונג, ווען עס טרעט אַריין אַ מאָמענט פון דערשעפּונג פון אונדזער גייסטיקער ענערגיע, ווי אַ בלייערנע פיזישע שווערקייט פאַרנעמט דאָס אָרט פון געדאַנק, געפיל, פאַנטאַזיע און ווילן, ווי עס באַהערשט אונדז אַ פאַרגליווערונג, אַן אַטראָפּירונג פון גייסט, וואָס דערמאָנט אין טויט, אין אײַנערטן טויטן חומר? און פילן מיר נישט פאַרקערט, אין מאָמענטן פון דערהויבנקייט, אין צושטאַנדן פון טיפע פּסיכישע איבערלעבונגען, מעגן זיי זיין אפילו טראַגישע, פילן מיר נישט דעמאָלט ווי אַן אויסטאָן זיך פון חומר, ווי אַ רוחניות, וואָס איז אַ חלק אלוה ממעל, דרינגט אונדז דורך, פאַרפלייצט אונדזערע אינערלעכקייטן און פאַרייניקט אונדז מיטן גייסט פון דער וועלט? און אויב אונדזער אינערלעכער גייסט קאָן אין מאָמענטן פון אַנטשפּאַנונג בולט מאַכן, אונטערשטרייכן דאָס קערפּערלעכע, טאָ פאַרוואָס זאָל עס אַנדערש זיין מיטן גייסט פון דער וועלט?

וועלט־גייסט, קאָנקרעטער שעפערישער דויער, אַ רוח אלוקים, וואָס דרינגט אַלץ דורך, פילט אויס די אינערלעכקייטן פון דער וועלט פון אייביק ביז אייביק, שאַפט כסדר נייע וועלטן. כביכול אַליין שאַפט זיך איבער אין יעדער רגע. אַ דויער, וואָס יעדער פון זיינע מאָמענטן אַנטהאַלט דעם גאַנצן עבר און איז געווענדט צו אַ צוקונפט מיט אַלע ספּאָנטאַנישע מעגלעכקייטן, דאָס איז די תורה פון אַנרי בערגסאָן און דאָס איבעריקע איז בלויז אַ פּירוש.

מיר זענען דאָ ווייט פון אַלע מינים דעטערמיניזמען סיי גייסטיק־שפּינאָזישע, סיי מאַטעריאַליסטיש־עקאָנאָמישע. די צוקונפט איז פון קיינעם נישט פאָראויסגעזען, אַחוץ די מאַטעריע, וואָס איז געבונדן דורך באַשטימטע געזעצן. אָבער דער זיך פאָראויסזאָגנדיקער כוח, די געטלעכקייט, די וויטאַלע שטויס־קראַפט איז פריי פון באַשטימונג, פריי פון געזעצן. אַ צוקונפט פול מיט פרייהייט און שע־

פערישן ווילן איז אָפּן פאַר דער געטלעכקייט, פאַר דער ספּאָנטאַנער שעפערישער עוואָלוציע.

אויך דער דאָזיקער קוק איז נענטער צום יידישן הכל צפוי והרשות נתונה ווי דער שפּינאָזישער קוק, אויב מ׳זאָל דעם הכל צפוי בלויז אָנווענדן צום מאַטעריעלן באַשאַף.

און דער מענטש? ער איז באַטייליקט אין דער גייסטיקער ענערגיע לויט זיין ווילן און אָנשטרענג, מיט זיין באַוווּסטזיין און אינטואיציע. און נאָך מער ווי מיט זיין באַוווּסטזיין, איז דער מענטש באַטייליקט אין וועלט־גייסט דורך זיין אונטערבאַוווּסטזיין און אומ־באַוווּסטזיין, וואָס איז אינדעראמתן איבערבאַוווּסטזיין, ווי אַ טייל פון דער פליסנדיקער געטלעכער שפע. אָבער בערגסאָן וויל, אַז דער אונטערבאַוווּסטזיין, דער אינסטינקט, זאָל ביי די פילאָזאָפן ווערן באַ־וווּסטזיין; אַז דאָס, וואָס איז אי פאַרנונפט און אי אינסטינקט און איז באמת נישט קיין איינס פון די צוויי, זאָל פון די דענקער אָנגעשטעלט ווערן ווי אַ באַוווּסטזיניקער געשליפענער אינטואיטיווער מכשיר פאַר דער דערקענונג פון וועזנטלעכן.

„וואָס זענען מיר, וואָס איז אונדזער כאַראַקטער, פרעגט בערג־סאָן, אויב נישט קאָנדענסירונג פון געשיכטע, וואָס מיר האָבן מיט־געברענגט זייט אונדזער געבורט, אפילו פאַר אונדזער געבורט. מיר ברענגען מיט אונדז נייגונגען אפילו פון פאַרן געבוירן ווערן, און אין אונדזערע האַנדלונגען ליגט די גאַנצע פאַרגאַנגענהייט“.

אַזוי ווי אין דער פּסיכאָלאָגיע און אין דער מעטאַפיזיק, אַזוי אויך אין דער קונסט ווענדט בערגסאָן אָן מיט דערפאָלג זיין מעטאָד פון אינערלעכקייט און ספּאָנטאַנישקייט און שטעלט זי אַקעגן דער מעכאַניזירונג פון געדאַנק און פון האַנדלונג. אין זיין שאַרפזיניקן ווערק וועגן געלעכטער, וועגן קאָמיזם, וואָס איז גלייכצייטיק אַ שטו־דיום וועגן קונסט בכלל און וועגן אַלע מינים דערשיינונגען, וואָס רופן אַרויס געלעכטער.

בערגסאָן דערפירט מיט גאונישער מייסטערשאַפט, מיט דער הילף פון זיין דאָקטרין, אַלע אַרטן קאָמיזם, פון נידעריקסטן סאָרט, למשל דאָס פאַלן פון אַ מענטש אין גאַס, ביז צו די קאָמפּליצירטסטע סיטואַציעס פון קאָמיזם אין לעבן און אין דער ליטעראַטור, צו איין קוואַל, צו איין איינציקער אַלץ אַרומנעמענדיקער דעפיניציע, וועלכע

ער רופט אָן די „מעכאַניזירונג פון לעבן", ווען געדאַנק און האַנד־לונג אַנשטאָט צו זיין לעבעדיק דינאַמיש, ווערן מעכאַניש, אויטאָ־מאַטיש און אומלעבעדיק.

עס וועט זיין קאָמיש: יעדע אַרט מעכאַנישע איבערחזרונג פון אַ וואָרט, פון אַ זשעסט, אָדער פון אַ טאַט, יעדע אומבויגזאַמקייט, ווי, למשל,ביים מענטשן, וואָס גייענדיק, גיט ער נישט אַכטונג אויף דער שטרויכלונג, וואָס ליגט אים אין וועג, ער איז נישט לעבעדיק, און זיין מעכאַנישע האַנדלונג רופט אַרויס געלעכטער. דאָס זעלבע דער רעדנער, וואָס חזרט מעכאַניש איבער געוויסע ווערטער אָדער זשעסטן, ווי בכלל ווען לעבן, באַרופן צו זיין דינאַמיש, באַוועגלעך, ווערט סטאַטיש, אומבאַוועגלעך.

סיי דאָס רעאַלע לעבן, סיי די הומאָריסטישע ליטעראַטור און קונסט שטעלן אונדז צו געגנוג באַווייזן צו באַשטעטיקן בערגסאָנס גייסטרייכע דעפיניציע. אונדזער נאַציאָנאַלער הומאָריסט שלום עליכם, וועלכן מ׳קען זיכער נישט חושד זיין, אַז ער האָט געשאַפן זיינע טיפן לויט אַ פאָרויס באַשטימטער טעאָריע, איז מיט זיין קינסטלערישן חוש און נאַטירלעכן זין פאַר קאָמיזם, אינסטינקטיוו דערגאַנגען צום דאָזיקן אמת. מאַכן דען נישט שלום עליכמס „ווייבער", וואָס אין זייערע מאָנאָלאָגן חזרן זיי ווי אַ רעפּרען כסדר איבער געוויסע ווערטער ווי „זאָג איך" און אַנדערע, דעם איינדרוק פון מעכאַניזמען? אָדער נעמט אַזאַ קאָמפּליצירטן קאָמיזם ווי מנחם מענדלס, קומט ער דען נישט דערפון, וואָס זיין אידעע־פיקס „צו מאַכן אַ פאַרמעגן", שפרינגט ביי אים כסדר אַרויס און צווינגט אים מעכאַניש איבערצוחזרן די זעלבע מעשים טראָץ אַלע דורכפאַלן? אָדער דער קאָמיזם פון די „צוויי קוני לעמעל" פון א. גאָלדפאַדן, ווערט ער נישט דערגרייכט דורך דער פולשטענדיקער ענלעכקייט פון די צוויי ברידער, וואָס טאַקע צוליב זייער ענלעכקייט ביז צו אידענטישקייט מאַכן זיי שוין נישט קיין איינדרוק פון לעבעדיקע מענטשן נאָר פון אויטאָמאַטן? אויך דער גאַנצער טשאַפּלינישער הומאָר איז באַזירט אויפן פרינציפּ פון מעכאַניזירטן לעבן.

און צום סוף — מאָראַל און עטיק: אויך אַן אייגענע עטיק — אַלעמאָל די קרוינונג פון פילאָזאָפישע שיטות — פירט בערגסאָן אַרויס פון זיין סיסטעם. אויך דאָ מאַכט ער דעם זעלבן אונטערשיד

צווישן חיצוניות און פנימיות, צווישן אינערלעכער, שעפערישער, ספּאָנטאַנער מאָראַל און אויסערלעכער, דאָגמאַטישער, פּאַרגליווער־טער מאָראַל. אין זיין בוך „די צוויי קוואַלן פון מאָראַל און רעליגיע", אונטערשיידט ער צווישן „געשלאָסענער מאָראַל" און „אָפּענער מאָ־ראַל": די ערשטע איז געזעלשאַפטלעך און קאָנסערוואַטיוו, זי איז באַזירט אויף פליכט און קעגנזייטיקייט. אַנדערש איז די אָפענע מאָ־ראַל, זי איז יחידיש, שעפעריש. זי פליסט פון די אייגענע טיפענישן. זי איז נישט קיין פליכט, נאָר אַ לעכצונג און קומט פון דער נשמה. זי איז נישט קיין רעזולטאַט פון פאָרשטעלונגען, פאַרקערט, זי אַליין אינספּירירט דעם געדאַנק. „זי איז שעפערישע ליבע אין אייביקן שטראָם פון לעבן, וואָס טרייבט פאַר אונדז, נאָך אונדז צו אַ העכע־רער, וואָס אַמאָל העכערער, דינאַמישער מיט ליבע אויסגעפילטער מאָראַל".

*

מיט צוועלף יאָר צוריק איז אין פּאַריז געשטאָרבן דער פילאָזאָף און טרוימער. ער איז געווען דאָס אור־אוראייניקל פון דער חסידיש־נגידישער צדיקת און אשת־חיל, דער באַרימטער טעמערל, די פרוי פון ר' בער (פון דאַנען דער נאָמען בערעקסאָן ־ בערגסאָן), אַ זון פון ר' שמואל זביטקאָווער (זיך באַרימט געמאַכט מיט אויסקויפן פאַר גאָלדענע רענדלעך יידישע הרוגים פון קאָזאַקישן פּאָגראָם אין פּראַגע, כדי זיי צו ברענגען צו קבורת ישראל). ער איז געווען אַן אָפּשטאַם פון יענעם גרויסן, גייסטיקן רעזערוואַר, וואָס איז הייבט פאַר אונדז אַזוי טראַגיש אויסגערונען.

צי גיבן זיך די פאַרערער פון גרויסן יידישן גייסט, וואָס זענען אין פראַנקרייך און אין דער וועלט אַזוי צאָלרייך, צי גיבן זיי זיך אָפּ אַ חשבון פון דער אבידה, וואָס נישט בלויז מיר אַליין האָבן גע־ליטן? צי ווייסן זיי וואָסערע קוואַלן פון גייסט און חכמה עס זענען, מיטן אומקום פון מזרח־יידנטום, פאַרשניטן געוואָרן פאַר דער גאַנ־צער וועלט?

בערגסאָן האָט געגאָסן פון אַזאַ פּאָפּולאַריטעט און סימפּאַטיע אפילו אין ברייטערע קרייזן פון פראַנצויזישן פאָלק, וואָס פאַר אַ פילאָזאָף איז עס אַ זעלטנקייט. דער סוד פון זיין פּאָפּולאַריטעט שטעקט אין זיין מענטשלעכן צוגאַנג צו אַלע קאָמפּליצירטע ענינים.

אין דער פאַנטאַזיע און שיינקייט פון די ביישפּילן, שטענדיק פון רעאַלן לעבן גענומענע; אין דער מייסטערשאַפט פון זיינע פאַרגליי־כונגען, וואָס מאַכן פון אים אַ דענקער־קינסטלער, ביי וועמען יעדער איינער לייענער, אַפילו בלויז מיט אַ דורכשניטלעכער אינטעליגענץ, קען אויסגעפינען עפּעס, וואָס איז אים נאָענט און אינטערעסאַנט.

*

דער פילאָזאָף פון שעפערישער ליבע איז געשטאָרבן, ווען אין פּאַריז, ווען אין גאַנץ אייראָפּע האָט געבושעוועט שנאה און רציחה, ווען פון אַלע נאַציזירטע ראַדיאָ־סטאַציעס אין אייראָפּע, פון דער גאַנצער פּרעסע און פון אַלע אָפּישירטע ווענט האָבן אַראָפּגעהילכט און אַראָפּגעשריען שקרים, בלבולים, רכילותן און אַ רוף צו פאַר־ניכטן די שטאַם־ברידער פון גרויסן גייסט.

גאָר לעצטנס האָט זיין פאַמיליע פאַרעפנטלעכט זיין צוואה, אָנ־געשריבן אין יאָר 1937, אין וועלכער ער שטרייכט אונטער, „אַז ער האָט דורכגעמאַכט אַן עוואָלוציע, וואָס דערנענטערט אים צום קאָטאָ־ליציזם. ער זעט אָבער, אַז עס רוקט זיך אָן אַן עת צרה פאַר יידן, אַ כוואַליע פון ברוטאַלער שנאה, עס איז דעריבער נישט דער מאָ־מענט פאַר אים צו פאַרלאָזן זיין שטאַם״.

*

אין האַרבסט 1941 איז דער 80־יעריקער פילאָזאָף געשטאַנען געוויקלט אין וואָלן און ווינטער־מלבושים אין דער ריי פאַרן קאָ־מיסאַריאַט זיך צו רעגיסטרירן אַלס ייד. עטלעכע חדשים שפּעטער איז ער געשטאָרבן. געשטאָרבן פאָרמעל ווי אַ ייד, נישט ווי קיין אָפּטריניקער.

און ווי וויטיקלעך עס זאָלן פאַר אונדז נישט קלינגען די ווער־טער וועגן זיין דערנענטערונג צום קאָטאָליציזם, וועלן מיר נישט מצרף זיין מחשבה למעשה, נייערט מיר ווילן אים מצרף זיין צו די גרויסע וועלט־גייסטער, מיט וועלכער דער יידישער שטאַם האָט רייך געמאַכט די וועלט, נישט באַקומענדיק דערפאַר קיין אַנדערן דאַנק ווי שנאה און רציחה.

געוויסע יידישע דענקער ווילן אין זיין פילאָזאָפיע אויסגעפינען אַ נאָענטקייט צו קבלה און בכלל צו דער יידישער מיסטיק. ריין פּי־

לאָזאָפיש געגומען איז עס שווער צו באַווייזן, אָבער אין זיין שטרענג אַנטי־מאַטעריאַליסטישער אויפפאסונג און אין זיין אָפּטימיסטישער וויזיע פון דער צוקונפט איז זיכער דאָ אַ גרויסע קרובהשאַפט אי מיט דעם נבואהשן באחרית הימים, ווען עס וועט זיין „ומלאה הארץ דעה כמים לים מכסים״, אי מיטן קבלהש־מיסטישן עולם־הבא, ווען צדיקים וועלן הנאה האָבן פון דער הוילער רוחניותדיקער זיו השכינה.

# משה העס — איינער פון די געטאָ-טרוימער

נוסח אשכנז האָט זיך איינציקוויז אַריבערגעקליבן וויטער אויף מזרח און אשכנז אַליין איז געוואָרן אַלץ מער אויסגעוועפּט פון יידישן נוסח. און נישט בלויז נוסח איז אַריבער פון שפּייער, וואָרמס און מיינץ צו פּויזן, קראָקע און לובלין, נאָר אויך לשון. און דווקא לשון, וואָס אַריבערקומענדיק אין די סלאַווישע לענדער, איז עס געוואָרן איינע פון די הויפּט-פונדאַמענטן צו דער פאַרשטאַרקונג פון דער יידישער אייגנטימלעכקייט, איז, פאַרקערט, אין דייטשלאַנד געוואָרן דער הויפּט-פאַקטאָר פון אינעווייניקסטער פונאַנדערטרייסלונג.

דער זעלבער „יידיש-טייטש", וואָס האָט אויפן לעבן פון די יידן אין די סלאַווישע לענדער אַרויפגעלייגט אַ חותם פון באַזונדערקייט און שפּעטער די אָנגרייפער אַליין — השכלה און וועלטלעכקייט — איבערגעאַרבעט אין אַ כוח פון נאַציאָנאַלן ווידערגעבוירן, די זעלבע שפּראַך איז פאַרן דייטשן יידנטום געוואָרן דער פאַקטאָר פון ווידערשטאַנד-אומפעאיקייט, פון באַהעפטונג-תאווה צו דער לאַנד-קולטור; די נאָך-מענדעלסאָנישע אויפקלער-תקופה האָט שוין דאָס יידנטום געטראָפן אומגעשיצט קעגן אַלע ווינטן און שטורעמס פון וועלטלעכקייט און עמאַנציפּאַציע, וואָס האָבן אָנגעהויבן אַטאַקירן פון אינעווייניק. דער גאַנצער בנין האָט אָנגעהויבן קראַכן און זיך פונאַנדערטרייסלען.

דער פּאָליטישער ליבעראַליזם אין דייטשלאַנד אַלס פּועל-יוצא פון דער אויפשטייגנדיקער אינדוסטריאַליזאַציע האָט פאַר די ביז-איצט אונטערדריקטע פעאיקייטן פון דייטשן יידנטום געעפנט גרויסע פּערספּעקטיוון פאַר מאַטעריעלער און געזעלשאַפטלעכער קאַריערע. די ליבעראַליזירטע דייטשע „הויכע ספערן" זענען, — דערשטיקנ-

דיק אין זיך, לצורך שעה, דעם איינגעבוירענעם דייטשן ראַסיזם — גענויגט געוואָרן צוצולאָזן דעם „סעמיטישן עלעמענט“ צו דער מיט־אַרבעט פאַר דער עקספּאַנסיע פון דייטשטום, פאַרן פרייז פון אַ קליינער טבילה־צערעמאָניע. אַ גרויסער טייל פון מאַטעריאַליזירטן יידישן בירגערטום האָט זיך שוין געפונען פּסיכיש גרייט גינסטיק אויפצונעמען די אָפּערטע פון די „הויכע ספערן“ און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ מאַסן־קויף פון „איינטריטס־בילעטן צו דער אייראָ־פּעאישער געזעלשאַפט“, ווי היינע האָט אָנגערופן דעם שמד.

אַ צווייטער טייל, וועמען דאָס „יידישע געוויסן“ האָט נאָך אַביסל באַאומרואיקט, האָט זיך באַגנוגנט מיט צופּיילן, צופּאַסן, רע־פאָרמירן איר יידישקייט, עס מאַכן לייטישער, צערעמאָניאַלער, גויאישער:

— מיר זענען כמעט — האָט עס געהייסן — די זעלבע, וואָס איר, בלויז מאָזאַאישע פּראָטעסטאַנטן, כדי אָבער צו פאַרענטפערן דאָס האַלטן זיך אין דעם ביסל מוזעאום־מאָזאַאיזם האָט מען צוגעטשע־פּעט „די מיסיע“, עס האָט געהייסן: די יידישע „ריינע איינקייט“ האָט נאָך אַ גרויסע אויפגאַבע אין דער וועלט פון דער האַלב־געצנדינע־רישער „דריי־איינקייט“.

די שפּעטער אויסגעוואַקסענע אינטעליגענץ, אַ ווייניקער, ווי אירע פאָרלויפער, עגאָיסטישע, אָבער נאָך מער ווי יענע אַן אָפּגע־פרעמדטע פון אייגענעם שטאַם, האָט זיך, אַ שאָקירטע מיטן פאַר־גרעבטן קאַריערייזם פון די „ליבעראַלע“ טאַטעס, געוואָרפן אין אָפּאָזיציע צום גאַנצן קאַפּיטאַליזם און געוואָרן דער טשעמפּיאָן פון וועלט־באַפרייערישע און פּראָלעטאַריש־אויסלייזערישע אידעען.

*

היינט, ווען די זעלבע האַק פון גערמאַניש־ראַסיסטישן רוצח, האָט אונטערגעהאַקט דעם גאַנצן שטאַם פון נוסח־אשכנז פון מזרח ביז מערב, דאַרפן מיר קוקן איינזעעוודיקער און אָביעקטיווער אויף דער טראַגעדיע „דייטש־יידנטום“, נישט זעען בלויז דאָס שווי־מען מיטן שטראָם, נאָר אויך דעם געראַנגל קעגן שטראָם, דעם קאַמף מיט די פאַרשוועק־כוואַליעס פון שנאה פון איין זייט און שמד־כוואַליעס פון דער צווייטער זייט.

אַריינגעטאָן ווי מיר זענען — און עס איז נאַטירלעך — אין

דער גלאָריפיקאַציע פון אונדזער גרויסן נפטר, דעם מזרח־ישוב, וועט ערשט מוזן אויפשטיין דער, וואָס וועט אויך דעם אָפּגעדאַרטן דייטשן שבט פון פאָלק אָפּגעבן כבוד און אויסלייזן אַזעלכע ריזיקע געשטאַלטן, ווי דעם נאָך נישט גענוג אָפּגעשאַצטן פּראָפעסאָר היינריך גרעץ, וועמענס פאַרדינסט פאַרן יידישן פאָלק איז אומגעהויער, פון פאַרוואָגלטן יידישן פּאָעט אויף דייטש, היינריך היינע, וועלכער האָט פון צומאַרגנס נאָכן שמד־אַקט ביז זיין לעצטן אָטעמצוג פאַרגאָסן די דייטשן מיט אַזוי פיל שפּאָט און שנאה, מיט וויפיל ליבע און בענקשאַפט ער האָט באַשאָנקען זיין שטאַם, און צום סוף פון גרויסן וויזיאָנערן בונטאַר משה העס, וועמענס געדאַנקען מיר וועלן ווידמען דאָס ווייטערדיקע:

„אָט שטיי איך נאָכאַמאָל נאָך אַ צוואַנציק־יעריקער פאַרפרעמדונג אינדערמיטן פון מיין פאָלק און נעם אָנטייל אין זיינע ימים־טובים, זיינע זכרונות און האָפענונגען, זיינע גייסטיקע מלחמות מיט זיך גופא און מיט די קולטור־פעלקער, צווישן וועלכע עס לעבט און מיט וועלכע עס קען זיך נישט אָרגאַניש צונויפוואַקסן".

דאָס בוך „רוים און ירושלים", וואָס הויבט זיך אָן מיט די ציטירטע שורות, איז אַ וויזיע און אַ נבואה, אַ ווידוי און אַ נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער אני מאמין, אַ וועלט־באַנעם און אַ פּרווו פון אַ יידישער געשיכטס־פילאָזאָפיע.

משה העס, דער מענטש, וואָס שרייבט די דאָזיקע ווערטער, איז ווירקלעך צוריקגעקומען פון אַ גרויסער פאַרפרעמדטער וועלט, געווען אַריינגעמישט אין אַלע גרויסע פּאָליטישע און סאָציאַלע געשעענישן פון זיין דור און פון זיין לאַנד, געזוכט צוזאַמען מיט זיינע גרויסע פריינד לאַסאַל און מאַרקס צו דערגיין דעם מעכאַניזם, וואָס טרייבט דאָס סאָציאַלע לעבן, צו אַנטדעקן די „אייזערנע געזעצן", וואָס באַוועגן עס און זיי געבן אַן אָנגעצייכנטן וועג אין אַ געווינטשטער ריכטונג. און צום סוף דערזען, אַז די, וואָס ער דאַרף באַפרייען, זענען גאָר, גאָר נאָענט פון אים און אַז זיי דאַרפן אַ באַזונדערע און פריערדיקע באַפרייאונג, אומאָפּהענגיק און אין דער זייט פון דער געחלומטער וועלט־באַפרייאונג. נאָך צוואַנציק יאָר פאַרפרעמדונג לאָזט משה העס איבער די, וואָס האָבן צוליבן „ווייטן קוק" נישט דערזען, וואָס עס טוט זיך אונטער זייער נאָז.

באַפרייען דאָס יידישע פאָלק! קודם כל מוז מען דאָך אָבער האָבן דאָס באַוווסטזיין, אַז עס עקזיסטירט אַזאַ פאָלק, מען מוז דאָך פריער פון אַלץ זיין איבערצייגט, אַז דאָס, וואָס ווערט גערופן יידנטום, איז נישט עפּעס אַן אַנעקס, אַ צוטשעפּעניש צו עפּעס אַנדערש, נאָר אַ חי הנושא את עצמו; נישט עפּעס, וואָס ווערט געטראָגן אויף די פּלייצעס פון אַנדערע, וואָס לעבט אויפן גוף פון אַנדערע, וואָס ווערט אויטאָמאַטיש באַפרייט מיט דער באַפרייאונג פון אַנדערע, נאָר וואָס האָט אַן אייגן לעבן און אייגענע וועגן פון אויסלייז.

און איז דען נישט אַ תנאי פאַר אַלעמען, פאַר יעדער שטרעבונג צו פרייהייט, ליב האָבן? ליב האָבן די מענטשן, ליב האָבן מענטשלעך, ליב האָבן קאָנקרעט נישט דעם אַבסטראַקטן קאָסמאָפּאָליטישן מענטש, נישט דעם לעתיד־לבואדיקן אינטערנאַציאָנאַלן מענטש, נאָר דעם מענטש, אַזוי ווי ער איז, אַזוי פאַרשידנאַרטיק ווי ער איז, אַזוי נאַציאָנאַל־וואַרירט ווי ער איז.

און משה העס האָט ליב דעם מענטש מיט אַלע זיינע נאַטירלעכע אומגלייכקייטן, וועלכע זענען אים געגעבן געוואָרן דורך אַן אייגענער לאַנגער און מיזאַמער עוואָלוציע אויסצוגלייכן. נישט מיט קיין „ספּיריטואַליסטישן טשאַד" און נישט מיט „הומאַניסטישן כלאָראָפאָרם", ווי ער דריקט זיך אויס, וועט מען שאַפן אַ פּלוצים אויסגעגלייכטע מענטשהייט, נאָר דורך לאַנג אַרבעטן די העכערע, פון אונדז נישט אָפּהענגיקע געזעצן, וועלכע ווירקן אין געזעלשאַפטלעכן פּונקט ווי אין קאָסמישן לעבן און וועלן אַמאָל דערגרייכן דעם געשיכטלעכן שבת פּונקט ווי אין קאָסמאָס איז שוין דערגרייכט געוואָרן דער נאַטור־שבת.

און ווייל משה העס האָט ליב דעם מענטש, אַזוי ווי ער איז, האָט ער ממילא ליב דעם ייד־מענטש, אַזוי ווי ער איז אין ווירקלעכן געשיכטלעכן, גורלדיקן לעבן, נישט קיין רעפאָרמירטן, נשמהלאָזעמאַנציפּירטן, נאָר דעם ליידנדיקן, אויף אויסלייזונג וואַרטנדיקן יידן, ער קומט צוריק צו זיין פאָלק, ווייל ער איז ערלעך מיט זיך, ווייל ער איז נישט גרייט מקריב צו זיין דעם מענטש אויפן מזבח פון פּרינציפּן, פון דאָגמעס, אפילו ווען זיי זענען וועלטלעכע און טראָגן אויף זיך די שילד פון וויסנשאַפט.

דער הומאַניסטישער טשאַד פון די „קאָסמאָפּאָליטישע" משומ־דים קאָן אים נישט פאַרדעקן, ווי מיט אַ פייגנבלאַט די שאַנד פון זייער שמד־נבלה. און ער דערמאָנט זיי, אַז דער דייטש, „מער ווי ער האָט פיינט די יידישע רעליגיע, האָט ער פיינט „די קרומע נעז מיט די געקרייזלטע האָר", וואָס בלייבן ביי זיי אויך נאָכן שמד.

די מיסיע פון די „מאָזאַישע" פּראָטעסטאַנטן קען ער ערנסט נישט נעמען, ווייל ער פאַרשטייט נישט „וויאַזוי מען קען אַרבעטן אין דער זעלבער צייט פאַר אויפקלערונג און פאַר דער מיסיע פון יידנטום אין גלות". „דאָס הייסט זיין באַגייסטערט פאַר זיין אויפלייזונג און פאַר זיין ווייטערדיקער דערהאַלטונג".

אָבער אויך די וועלט־באַפרייערישע אידעען פון זיינע אינטער־נאַציאָנאַליסטישע חברים, מיט וועלכע ער האָט צוזאַמען געאַרבעט און געקעמפט אַ צוויי־צענדליק יאָרן, האָבנדיק כסדר פאַר די אויגן די פאַרנעפּלטע וויזיע פון אייגענער פאָלקס־גאולה, קענען אים נישט באַפרידיקן. וואָס קאָן נאָך פאַרייניקן דעם מענטש מיטן גרויסן יידישן האַרץ. פאַר וועמען די געשיכטע פון זיין פאָלק איז אַ הייליקע, מיט די, פאַר וועלכע עמאַנציפּירן די יידן הייסט: „עמאַנציפּירן די וועלט פון יידנטום"?

ער קערט זיך אָפּ פון הומאַניסטישן טשאַד פון די „קאָסמאָפּאָ־ליטישע" משומדים, פון דער מיסיע פון די מאָזאַישע פּראָטעסטאַנטן פון „ווייטן קוק" פון די רעוואָלוציאָנערן, זיי אַלעמען פאַריי־ניקט די שטרעבונג צו באַקומען רעכט נישט צו מוזן זיין יידן, ער אָבער שטרעבט צו אַזעלכע רעכט, וואָס זאָלן דערמעגלעכן זיך צו דערהאַלטן דווקא ווי יידן.

זיין האָפענונג און שרעק בלייבן בלויז די פרומע אָרטאָדאָקסישע יידן. אויף זיי האָפט ער ווי אויף די, וואָס אָנערקענען די הייליקייט און המשכדיקייט פון דער יידישער געשיכטע, פאַר זיי אָבער האָט ער מורא: צי וועלן די, וואָס וואַרטן אויף משיחן איינגיין אויף דחיקת הקץ?

מיט זיי איז ער גרייט אויף אַלע פשרות, אַפילו צוריקשטעלן דעם בית־המקדש מיט קרבנות, ווייל „די יידן האָבן טראָץ זייערע „בלוטיקע קרבנות", אויף וועלכע מיר קוקן היינט פון אויבן אַראָפּ, געהאַט אַ גרעסערע שרעק פאַרן פאַרגיסן און געניסן פון בלוט, וואָס

„איז די נשמה" איידער אונדזערע מאָדערנע פעלקער, וועלכע עסן דאָס בלוט מיט דעם פלייש אַן קרבנות און אָן צערעמאָניעס".

*

שוין היינע האָט אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט געזען צוויי קולטור־אַנטפּלעקונגען — די יידישע און די העלענישע, און אין זיינע פּאַריזער יאָרן האָט ער ליב געהאַט צו באַטאָנען, אַז ער האָט שוין פאַרוואָרפן זיין קולט פון העלעניזם, די פאַרערונג פאַרן „יינגלינג־פאָלק" און ער האָט איצט בלויז רעספּעקט פאַרן יידישן „מענער־פאָלק", פאַר מדות און נישט פאַר הוילער עסטעטיק. אויך משה העס זעט אין דער קולטור־געשיכטע פון דער וועלט קומען צום אויסדרוק צוויי וועלט־אַנשויאונגען: אַ יידישע און אַ העלע־נישע. און ער דערגייט — ער, דער מאָדערנער מערב־אייראָפּעער, וואָס שטיצט נאָך אַלץ דאָס אינטואיטיווע באַנעמען אויף נאַטור־וויסנשאַפט און ספּעקולאַטיוון דענקען — צו די זעלבע מסקנות, וואָס די יידישע מקובלים און חסידים זענען צו זיי געקומען — צו דער שטרעבונג צו שלימות, וואָס איז די העכסטע אויפגאַבע, לויט זייער אויפפאַסונג איבער מענטשן און געשיכטע.

די גריכן, זאָגט משה העס, האָבן געזען די וועלט ווי אַ פאַר־טיקע, אַ פולקאָמע, אַ האַרמאָנישע, אַ „זיין" און נישט קיין ווערן, די יידן האָבן דער עיקר געזען אין דער וועלט אַ ווערן, אַ שטרע־בונג, אַ גאַנג צו שלימות. די געטלעכקייט לויט דעם יידישן וועלט־באַנעם, זאָגט העס, האָט נישט באַשאַפן די מענטשהייט, נישט קיין שלימותדיקע און נישט קיין גלייכע; דאָס האָט זי געלאָזט פאַרן מענטשן אַליין. דאָס איז דער יידישער באחרית הימים, דער עתיד לבוא און משיחס צייטן, וועלכע מיינען אַלע די זעלבע זאַך — די שלימות, צו וועלכער דער מענטש וועט דערגיין, גייענדיק וואָס העכער און העכער, ביז צום געשיכטע־שבת. ווי שטאַרק טרעפט זיך דאָ צונויף די איידעלע פילאָזאָפיע פון יידישן מערב־אייראָפּייער מיט דער חסידישער פילאָזאָפיע פון מענטש אַלס הולך.

רוים און ירושלים! רוים קעגן ירושלים! דאָס געצנדינערישע רוים האָט געמיינט, צו דערשטיקן ירושלים, דאָס קירכלעכע רוים האָט געשפּילט מיט ירושלים אַ קאַץ־ און מויז־שפּיל. געכאַפּט און אָפּגעלאָזט, געשטאַנען אויף דער וואַך, אַז „גאָטס מערדער" זאָל

נישט לעבן און נישט שטאַרבן. ווען די קירך האָט ענדלעך פאַרלוירן איר מאַכט און איר איינפלוס, האָט דער טרוים פון שיבת־ציון גע־קענט אָננעמען קאָנקרעטע פאָרמען. אָבער אויך דער אייביקער באַ־גער פון די פעלקער, „אויפצועסן יעקובן" האָט אָנגעהויבן מיטן אָפּשוואַכן פון קירכלעכן איינפלוס, אָננעמען קאָנקרעטע פאָרמען. עס איז שוין מער נישט געווען אַ קאַץ־ און מויז־שפּיל מיטן פאָלק — עדות, נאָר די לאַנג־געטרוימטע פאַרלענדונג.

די האָפענונג און די שרעק קומען בייז'ע צום אויסדרוק אין זיין בוך. ווי אַן עכט גלוביקער ייד, זאָגט משה העס: „זיי" בויען אין נאָענטן מזרח באַנען, דעם סועץ־קאַנאַל, וועגן און שאָסייען, זיי מיינען דאָס פאַר זיך, אָבער „דער מענטש דענקט און גאָט לענקט". דאָס בויען זיי אַ וועג פאַר יידן צוריקצוקומען אין זייער היסטאָרישן לאַנד. ער גלויבט, אַז מיט דער אָפּשוואַכונג פון „רוימישן איינפלוס", מוז קומען די יידישע רענעסאַנס. ער זעט אָבער אויך אַ שוואַרצע נבואה, אַז עס שטייט נאָך פאַר אַ גרויסער, לעצטער ראַסן־קאַמף, וועלכן דאָס ראַסיסטישע, מענטשן־פיינטלעכע דייטשלאַנד וועט פירן קעגן דער וועלט און קעגן יידן.

*

היינט, ווען שיפן פירן יידן אונטער דער יידישער פאָן פון אַרבע כנפות הארץ אין יידישן לאַנד אַריין, היינט, ווען סיי די בייזע נבואה, סיי די אתחלתא דגאולה האָבן זיך פאַרווירקלעכט, זאָלן מיר דערמאָנען די הערלעכע געשטאַלט פון גרויסן געטאָ־טרוימער משה העס, וועלכער האָט קרוב צו 90 יאָר צוריק געזאָגט צו די דייטשן: „איך וויל נישט מער הייסן מאָזעס, נאָר משה, אָבער אַ שאָד, וואָס מען האָט מיר נישט אַ נאָמען געגעבן איצעק" 1).

אַפּריל, 1949.

1) שפּאָט־נאָמען אויף יידן אין דייטשלאַנד.

# מאָרים מעטערלינק, דער לעצטער סטאָיקער

געשטאָרבן מאָרים מעטערלינק.

האָט ער נאָך געלעבט? מען האָט דאַכט זיך מיט דריי צענדליק יאָר צוריק זיך מער פאַרנומען מיט מעטערלינקן אין קלענסטן שטע־טעלע פון יידישן תחום, ווי אין די לעצטע יאָרן אין גרויסן פראַנק־רייך, אין לאַנד, וווּ דער גייסטרייכער פלעמער האָט געלעבט און אין וועמענס שפּראַך ער האָט מיט אַלע ווירטואָזיטעטן פון סטיל אַרויס־געבראַכט אַלע דינקייטן פון געפיל און אַלע איידלקייטן פון געדאַנק.

דער פּאָעט און פילאָזאָף פון לעבן און טויט, דער דענקער, וואָס האָט דעם טויט אַרומגענומען און איינגעשלאָסן אין לעבן; זיך באַמיט אים צו מאַכן דערטרעגלעכער און „פאַרטייטשן", ווי אַ וועג צו ווייטערדיקע טראַנספאָרמאַציעס און גלגולים, דער דאָזיקער דענקער האָט וויניקסטנס דאָס דערגרייכט, וואָס אַרום אים זענען פאַרווישט געוואָרן די גרענעצן צווישן טויט און לעבן. ער איז שוין ביים לעבן אַריינגעפאַלן אין טויטער פאַרגעסנקייט, פּונקט ווי עס וועט נאָך לאַנג לעבן זיין אָנדענק נאָכן טויט.

און אויב זיין פילאָזאָפיע איז „נישט מער" ווי פּאָעזיע און אילו־זיע פון וואָרט, וועט נאָך אַלץ בלייבן די פיינקייט פון פּאָעזיע און שיינקייט פון וואָרט.

אין אונדזערע צייטן פון פּלאַנירטער ווירטשאַפט, דיריגירטע געדאַנקען און געלענקטע געפילן, איז נישט געבליבן קיין גרויסער פּלאַץ פאַרן פליער אין די הויכע „פרייע ספערן", כאָטש דאָרט, וווּ עס איז געפלויגן מעטערלינקס געדאַנק, וועט קיין שום געניטער פּילאָט נישט אַהינקומען מיט קיין שום אויספּלאַנירטן, איך ווייס נישט וויפיל מאָטאָרדיקן פלי־אַפּאַראַט.

פּאָעזיע, פילאָזאָפיע, וויסנשאַפט. ער האָט זיך ביי די אַלע צווייגן פון מענטשישן גייסט אָנגעפרעגט וועגן לעבן און טויט, וועגן חכמה און גורל, וועגן דעם באַגרענצטן און אין סופיקן, געפרעגט און גע־פּאָרשט זיך אַליין, דעם אורים ותומים פון אייגענעם געפיל און בלויז דערגאַנגען דעם אייביקן אמת, אַז מחוץ פון די אייגענע אינערלעכ־קייטן, קען מען קיין שום תשובה אויף גאָרנישט באַקומען.

פונקט, ווי דער אַלטער חכם, אונדזער פעטער שלמה, האָט אונדז נאָך אַלע חכמות אָפּגעשיקט צו דער מילב: „גיי צו דער מילב פוי־לענצער, זע אירע וועגן און ווער קלוג" — האָט זיך אויך מעטער־לינק געוואָנדן צו די מילבן צו זען זייערע וועגן און שעפּן חכמה, וואָרום ווער ווייס וואָס עס איז אינסטינקט און וואָס עס איז שכל. צו וועלכע געזעצן עס האָרכט זיך צו דער בוים ביים וואַקסן און ביים אָפּנויגן אין אַ זייט, ווען ער טרעפט אָן אויף אַ שטערונג? ווער ווייס צו וועלכער חכמה עס הערן זיך צו די בינען, ווען זיי מאַכן האָ־ניק און וואַקס, ווען זיי היטן אָפּ דעם שטאָק קעגן „פרעמדע", פאַר־ניכטן די ליידיקגייער, בויען געצעלטן פאַרן „פאָלק" פון שטאָק און פייערן מיט שמחה דאָס קרוינען פון אַ נייער מלכה?

און די מילבן פונוואַנען נעמען זיי אַזויפיל געדולד און אַזויפיל לעבנסווילן צו גרייטן שפּייז און אָנהויבן די אַרבעט יעדעס מאָל אויפדאָסניי, ווען אַ „קאַטאַסטראָפע" פאַרניכטעט זייער מי?

און מיר, די מענטשן, די בחירי היצירה, וואָס זענען מיר נאָך אַלעמען, מיט וואָס מיר האָבן דערגרייכט? (אָה, ווי ווייניק!) און מיט אַלעם, וואָס מיר זענען? (אָה, ווי אָרעם און נעבעכדיק און גרויס און הויך!) זענען מיר דען מער, ווי קליינטשיקע, פּיטשעדיקע ברוכטיילן פון דער גרויסער נאַטור, פון דער זעלבער, וואָס מיר נעמען זיך אונטער צו משפּטן און אָפּטמאָל צו פאַרמשפּטן?

אפשר איז געשייטער זיך „איינצואָרדענען" מיטן לעבן, עס אויפנעמען קלוג און פילאָזאָפיש?

אָבער נישט קליינע פאַרזיכטיקייט, קליינלעכע „נישט אינטער־וועניץ" פריידיקט מעטערלינק נישט אַנטלויפן פון שלאַכטפעלד, נאָר ווי אַ חכם נישט אַנטמוטיקט ווערן, ווייל עס איז דאָ אין דער נאַטור אין אירע העכסטע ספערן אַ חכמה, וואָס איר גזר איז: כל מה דעביד לטב עביד.

אויף אַ געוויס אָרט אין זיין בוך „חכמה און גורל" גייט אַזאַ מין דיאַלאָג מיט זיך אַליין:

„דאָ נישט לאַנג האָט עס אויסגעזען, ווי מען וואָלט בדעה געהאַט צו פרעגן ביי די דענקער פון אייראָפּע, צי מען וואָלט געדאַרפט באַטראַכטן ווי אַ גליק אָדער ווי אַן אומגליק, — ווען די ענערגישע, עקשנותדיקע און מעכטיקע ראַסע, וועלכע זעט אויס אין די אויגן פון אַ סך אַריער, צוליב בלינד אַקצעפּטירטע פאָראורטיילן, ווי אַ נידעריקערע ראַסע, איך מיין די יידישע, — ווען זי זאָל פאַרשווינדן אָדער פאַרקערט אויפשטייגן? און דער פילאָזאָף ענטפערט:

„איך בין איבערצייגט, אַז דער חכם וועט דערויף ענטפערן אַן רעזיגנאַציע און אַן גלייכגילטיקייט: אַזוי ווי עס וועט קומען וועט זיין צום גוטן".

אַזאַ פילאָזאָפישע גלייכוואָג אין באַצוג צום בלייבן אָדער, חלילה, צום פאַרשווינדן פון אונדזער פאָלק, קען אונדז זייער נישט פילאָזאָפיש פאַרוווּנדן. צו דער פאַרענטפערונג פון דענקער מוז אָבער געזאָגט ווערן, אַז אים איז דעמאָלט נישט איינגעפאַלן קיין ברוטאַלע מענטשלעכע „לייזונג", נאָר אַ נאַטירלעכע, אין פרייען שפּיל פון די כוחות פון לעבן און טויט.

זיכער איז אויך, אַז דאָס ענערגישע, אינסטינקטיווע, מילבנדיקע רעאַגירן פון יידישן פאָלק אויף זיין קאַטאַסטראָפע, וואָלט אים בלויז פאַרפעסטיקט אין געדאַנק, אַז טאַקע דאָס בלייבן פון יידישן פאָלק, איז דאָס גליק פון דער מענטשהייט.

דער מחבר פון „מאַנא וואַנא" פון „פעלעאַס און מעליזאַנד" האָט אין די עלטערע יאָרן געוואָלט לייזן די דראַמאַטישע קאָנפליקטן מיט חכמה „דאָרט, וווּ עס גייט אַדורך דער קלוגער זענען נישטאָ קיין דראַמעס", ווייל דראַמעס קומען פון שלעכטס און טעותים, פון וועלכע דער חכם דערווייטערט זיך.

די נאַטור פון די מענטשן וועט זיך צוליב מעטערלינקס חכמה, וועלכע ער האָט געפונען אויף דער עלטער, נישט ענדערן, אָבער אים אַליין האָט זי געהאָלפן דערלעבן דעם שיינעם עלטער פון 87 יאָר.

איז שווער צו רעקאָמענדירן די חכמה דער גאַנצער מענטשהייט, אָבער ווייל איז דעם יחיד, וואָס האָט זי געפונען.

1949

# יידיש און העברעאיש

העברעאיש איז אונדזער יחוס, דער אַטעסטאַט פון אונדזער אידענטישקייט, אויטענטישקייט, סטאַבילקייט און געזעצמעסיקייט. די בריק איבער דורות און שבטים; יידיש — דער טרייער שפיגל פון אונדזער לעבן, דער עדות פון אונדזער וויטאַליטעט, דער אויס־דרוק פון אונדזער ענערגיע, באַוועגלעכקייט, פון אונדזער אויסדויער און צופאַס־כח.

העברעאיש — די מעטראָפּאָליע; יידיש די אימפּעריע. העברע־איש די קאָנצענטראַציע אין שטח, אין פאָרם, אין סטיל און וואָרט; יידיש — עקספּאַנסיע אין שטח, אין פאָרם, אין סטיל און וואָרט. אונדזער אייביקע שפּראַך איז פאַרפולקאָמט, פאַרענדיקט און פאַר־צוימט, פאַרטראָגט נישט קיין אויפגעבראָכענע טירן און קיין אומגע־צוימטע אַריינרייסענישן; יידיש איז אומגעצוימט, גלאָבטראָטעריש, צעקייעט און פאַרדייעט אַלע פרעמדקייטן און אַלע נייקייטן.

טייער איז אונדז העברעאיש מיט איר דיסציפּלין, מיט אירע געוווּיגענע און געמאָסטענע טריט, נישט ווייניק טייער איז אונדז יידיש מיט איר צעשויבערטקייט, עלאַסטישקייט און רויער גבורה.

העברעאיש האָבן מיר געהיטן, יידיש האָט אונדז געהיטן.

מיט ליבשאַפט און צערטלעכקייט האָבן מיר צו זיך געטוליעט די הייליקע שפּראַך, זי אָפּגעהיטן ווי אַ פּיקדון צוריקצושטעלן אויפן אָרט, ווען די צייט וועט קומען. נישט בלויז דער למדן, דער בן־תורה און בעל מליצה האָבן אָפּגעהיטן לשון קודש אין זייערע ספרים, שאלות ותשובות, הסכמות, בריוו און פּיוטים, נאָר דאָס גאַנצע פאָלק האָט עס באַוואַכט און אויפגעהאַלטן אין די תפילות, מיט אירע אותיות אַרומגענומען די גערעדטע שפּראַכן און אָפּגעהיטן ווי אַ טייע־

רע משפּחה ירושה, ווי אַ שבת־ און יום־טוב־צירונג. ווי אַ צירונג וואָס איז נישט באַשאַפן צו חולדיקער הנאה, אַזוי איז לשון קודש נישט געווען באַשאַפן צו פּראַקטישע הנאות און אפילו נישט באַדאַרפט פאַרשטאַנען ווערן.

יידיש האָט אונדז געטוליעט, אונדז אָפּגעהיטן, אַז מיר זאָלן נישט פאַרלוירן גיין אויף די ברייטע שליאַכן פון דער וועלט. ווי די האַרטע שאָלן, די מושליעס, וואָס די אָנבייגעוודיקע מאָלוסקן אַרבעטן פאַר זיך אויף אינסטינקטיוו צום שוץ קעגן אַלע כוואַליעס און וואַסער־שטראָמען, אַזוי האָט דער גרויסער אַשכנזישער קיבוץ זיך געשאַפן דורך יידיש זיין אינסטינקטיוון שוץ־אינסטרומענט. אין אים געפונען שוץ און מיט אים, און דורך אים זיך באַוויזן.

דורך איינער פון די גרויסע סורפּריזן — צומייסט אַפּאָקאַליפּטישע אָבער אויך תחית המתימדיקע — מיט וועלכע אונדזער געשיכטע איז אַזוי רייך, איז אין אונדזערע צייטן אַזוי געשען, אַז יידיש דער אינסטרומענט פון אונדזער שוץ, האָט פאַרלוירן אַ סך פון זיין ווירקעוודיקייט און פון זיין קראַפט, און העברעאיש, דער אָביעקט פון אונדזער שוץ, דאָס שוואַכגופיגע באַשעפעניש, האָט זיך אַרויסגעריסן פון דער טויזנט־יעריקע לעטאַרגיע און איבערנאַכט באַנייט זיינע כוחות.

שטעלט אונדז דאָס לעבן איצט אַזאַ פראַגע: האָבן דער אומקום פון די גרויסע יידיש־באַשאַפנדיקע און יידיש־רעדנדיקע עדות אין מזרח און דער תחית המתים און אומקער פון העברעאיש צו איר אייגענער אכסניה, האָבן זיי געחתמעט דעם גורל פון יידיש? איז אויך פאַר יידיש לשון געקומען די צייט צו טיילן דעם גורל פון די אַנדערע נישט־העברעאישע שפּראַכן, וואָס יידן האָבן זיך געשאַפן אויף די וואָגל־וועגן?

„יאָ" זאָגן געווייגלעך די אַלע וואָס אַנטוויקלען טעאָריעס וועגן אויפקום און אומקום פון „יידישע שפּראַכן" און אָפּערירן מיט כולל־דיקע באַגריפן ווי „גלות־שפּראַכן" און „גלות־דיאַלעקטן". זיי גייען לכתחילה צו מיט דער כוונה דורכצופירן אַזאַ צד־השווה: הרי זה כהרי זה: איין גורל האָט אַלעמאָל געטראָפן די גלות־שפּראַכן און אויך יידיש וועט דעם גורל נישט אויסמיידן, אַזעלכע טעאָריעס געבן זייערע שאַפערס אַ טאָפּלטע סאַטיספאַקציע. ראשית, האָט מען פאַר־

נומען אַ „וויסנשאַפטלעכע" פּאָזיציע, וואָס איז אין הסכם מיטן „גאַנג פון דער געשיכטע" און והשנית איז מען פּטור פון אַן עול, וואָס באַשווערט נאָך אַביסל די פּלייצעס, צו זאָרגן פאַרן קיום פון ייִדיש: גיי שטעל דיך קעגן גזר פון דער געשיכטע... עס איז פאָלג מיך אַ גאַנג!...

בלויז י. עפּרויקין האָט זיך אין זיין קליינער אָבער אינהאַלטרייכער אַרבעט: „אויפקום און אומקום פון ייִדישע שפּראַכן און דיאַלעקטן" געשטעלט אַנדערע צילן. ער אָפּערירט נישט מיט די כולל־באַגריפן פון „אויפקום" און „אומקום" כדי אויסצוזוגעפינען אַ היתר אויף אַ „שיינעם טויט" פאַר ייִדיש, פאַרקערט, פון אַלע אויסגעפאָרשטע געשיכטלעכע פאַרגלייכן און דורכשטודירטע מקורות דרינגט ער אַרויס, אַז קיינמאָל האָבן זיך ייִדן נישט לייכט געשיידט מיט אַ געשאַפענער שפּראַך און ער קומט צום אויספיר, אַז אויך איצט איז די עקזיסטענץ פון ייִדיש אָפּהענגיק פון אונדזער אייגענעם ווילן, פון ווילן אויסצופילן דאָס ייִדישע לשון מיטן זעלבן אינהאַלט צוליב וועלכן אונדזער ייִדיש און אַלע אַנדערע „ייִדישן" זענען לכתחילה געשאַפן געוואָרן — מיט ייִדישקייט.

עס גייט וועגן תוכן און אויב תוכן וואָלט געווען, וואָלטן מיר בכלל זיך נישט באַדאַרפט אַזויפיל זאָרגן פאַר דער עקזיסטענץ פון אייגענעם לשון. דער דערהאַלטונג־אינסטינקט, וואָס גיט אַלע אינדיווידועלע און קאָלעקטיווע באַשעפענישן די נויטיקע שוץ־מיטלען זיך צו דערהאַלטן און, וואָס האָט פון וואַנדער און פיין אויסגעפרוווטן ייִדישן פאָלק, געמאַכט אַ שפּראַכן־פּראָדוצירנדיק פאָלק, מיט שוץ אינסטרומענטן זיך צו דערהאַלטן אין אַ פרעמדער סביבה, וואָלט אויך אין דעם פאַל אונדז ווייטער אַרויסגעהאָלפן; און ווי גרויס די קאַטאַסטראָפע זאָל נישט זיין געווען, וואָלט דער דערהאַלטונגס־אינסטינקט געשאַפן אין די אַנטשטאַנענע צענטערס (צפון־ און דרום־אַמעריקע) נייע ייִדישע שפּראַכן, ווען דער גורל פון ייִדיש זאָל שוין טאַקע זיין געשיכטלעך געחתמעט, אַזוי ווי ס'איז אַלעמאָל געווען דער פאַל אין דער ייִדישער געשיכטע: דאָ קומט עפּרויקין — צו אַ טיפזיניקער אָבער טרויעריקער פעסטשטעלונג.

ער קאָנסטאַטירט, אַז דאָס שפּראַכן־פּראָדוצירנדיקע פאָלק האָט פאַרלוירן זיין פונקציע צו שאַפן שפּראַכן. אָט דאָ ליגט דער באַוויז

פון סכנה: יידיש דראָט אַן אומקום צוליבן אויסליידיקן זיך פון תוכן, אָבער צוליב דער זעלבער סיבה וועט אויך קיין אַנדער יידישע שפּראַך נישט געבוירן ווערן. מיט אַנדערע ווערטער: מיר פאַרלירן די פעאיקייט זיך צו שאַפן די שוץ־מיטלען פון דערהאַלטונג. אַ באַ־ווייז, אַז מיר פאַרלירן דעם דערהאַלטונגס־אינסטינקט, וואָס איז אַלע־מאָל אַ רעזולטאַט פון אַן אַנטשלאָסענעם ווילן פאָרצוזעצן אַן אייגן לעבן. די מסקנה: נישט אין דער מעגלעכקייט פון אומקום פון יידיש ליגט די גרעסטע נאַציאָנאַלע סכנה, נאָר אין דער מעגלעכקייט צו פאַרלירן אין די גלות־לענדער די אייגנשאַפט צו שאַפן יידישע שפּראַכן.

מיר האָבן געהאַט אייגענע שפּראַכן אַזוי לאַנג ווי מיר האָבן גע־לעבט אַן אייגן לעבן. איצט לעבן מיר אין די גלות־לענדער אַ פרעמד לעבן האָבן מיר פאַרלוירן די פעאיקייט צו שאַפן און צו דערהאַלטן אייגענע שפּראַכן. ממילא איז אויך די עקזיסטענץ פון יידיש אין סכנה.

איך מיין אָבער, אַז בנוגע דעם יידישן פאָלק אַלס גאַנצעס, ווערט דאָס פעסימיסטישע בילד, וואָס באַקומט זיך פון עפּרויקינס אויס־פירן שטאַרק געמילדערט דורך דעם פענאָמען פון ישראל. מען דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז נאָך דער איצטיקער קאַטאַסטראָפע איז די הויפּט ענערגיע פון יידישן פאָלק נישט געלענקט געוואָרן צום שאַפן פון נייע צענטערס אין פרעמדע לענדער, נאָר אין אייגענעם לאַנד. די ספּעציפישע אייגנשאַפט פון שפּראַכן־שאַפונג — לויט עפּרויקינס אייגענעם געזעץ — קען דאָס מאָל זיין געלענקט געוואָרן אויף דער אייגענער, אויף דער פאַרוואַנדלונג פון העברעאיש אין אַ גערעדטער שפּראַך. דאָס ענדערט אָבער נישט דעם עצם כלל. פאַרקערט, עס שטרייכט נאָכמער אונטער דאָס פעסטגעשטעלטע, אַז נאָר דאָרט ווו יידיש לעבן ווערט אָנגעפילט מיט אַ שעפערישן אינהאַלט, דאָרט אַהין פליסט אַריין אַ רוח החיים אין לשון, וואָס ווערט אַליין שפעדיק און משפיעדיק.

דאָך, ווי שוין אויבן געזאָגט, גיט עפּרויקין נישט אַרויס אויפן סמך פון דאָזיקן געזעץ קיין גזר פון פאַרלענדונג אויף יידיש, פאַר־קערט ער האַלט, אַז אין אונדזערע אייגענע הענט ליגט די מעגלעכ־קייט צו באַזייגן אַפילו דעם גזר פון דער געשיכטע.

זענען מיר אַנטשלאָסן גובר צו זיין דעם געשיכטלעכן אורטייל? זענען מיר דעצידירט אַרויסצוראַטעווען פון דער שרפה אַלע אונדזע־רע גייסטיקע נכסים? דאָס איז די פראַגע.

*

אין זיין באַרימטער און טיפזיניקער שטודיע וועגן הלכה און הגדה ציטירט ביאַליק אַ משנה, וואָס רעדט וועגן ראַטעווען כתבי הקודש פון אַ שרפה אין שבת. אין דער ציטירטער משנה גייט אַ פלוגתא: די חכמים זענען מתיר אַרויסצוראַטעווען די הייליקע שריפטן נישט בלויז אין אָריגינאַל נאָר אויך אין תרגום (אראמיש), אָדער איבערזעצט אין אַנדערע שפּראַכן. רבי יוסי האַלט, אַז צוליב אַנדערע לשונות ווי לשון־קודש טאָר מען נישט מחלל שבת זיין.

ביאַליק ציטירט די משנה כדי צו באַווייזן ווי באַלערנדיק עס קאָן זיין אַ שטיקל טרוקענע הלכה. די דאָזיקע משנה, מיינט ביאַליק איז אפשר אַ קאָנדענסירונג פון אַ לאַנגער גרויסער „ריב הלשונות" פון יענער עפּאָכע. אָבער ביאַליק גייט נאָך ווייטער און דערהויבט די משנה צו אַ סימבאָל. די פלוגתא איז: צי מוז מען פון די שריפות, און נאַציאָנאַלע קאַטאַסטראָפעס אַלץ ראַטעווען ווי די חכמים זאָגן אָדער קודם כל בלויז אונדזערע אַלטע אייביקע נאַציאָנאַלע גיטער אין דער אייביקער שפּראַך?

אָן וואקלעניש, וועלן מיר פסקענען ווי די חכמים, נישט בלויז ווייל זיי זענען געווען אַ רבים, נאָר אויך דערפאַר ווייל זיי זענען טאַקע געווען די חכמים הרואים את הנולד אין דער יידישער גע־שיכטע.

פונקט ווי דער מחבר י. עפּרויקין וועלן מיר זיך אויך נישט שפּילן אין קיין נביאות וועגן דער צוקונפט פון יידיש, אָבער פון דער שרפה האָבן מיר שוין די יידישע אוצרות געראַטעוועט. פונקט ווי דאָס גאַנצע אַראָמעאישע שאַפן האָט זיך אַריינגעגאָסן אין גרויסן איי־ביקן שטראָם פון יידישער שעפערישקייט, וועלן אויך די יידיש־אוצרות זיך אַהין אַריינגיסן און ווייטער פליסן אין די אומבאַקאַנטע וועגן פון יידישן נצח.

*

אָבער נאָכאַלעמען, איז די פראַגע פון תוכן נישט קיין אויסשליס־לעך יידיש־עניין, דאָס קאָן פונקט אַזויפיל אָנגיין אויך העברעאיש,

וואָס אונדז אינטערעסירט אַמייסט אין איצטיקן מאָמענט, איז נישט אַזוי דער גורל פון יידיש און איר צוקונפט, ווי דער גורל און די צוקונפט פון די באַציאָנגען צווישן אונדזערע ביידע שפּראַכן. אונדז אינטערעסירט איצט וויאַזוי צו באַשאַפן די מיטלען, וואָס זאָלן פאַר־וואַנדלען די קאָנטראַסטירנדיקע אייגנשאַפטן פון אונדזערע צוויי לשונות אין אַ דערגאַנצונג, וואָס זאָל זיין אַ ברכה פאַר ביידע.

קיין ריב הלשונות אין אַמאָליקן זין האָבן מיר היינט נישט. עס איז נישטאָ מער די אַמאָליקע פּאָליטיש־אידעאָלאָגישע פונאַנדערטיי־לונג צווישן יידישיסטן און העברעאיסטן, אָבער עס איז דאָ אַ ממשות־דיקערע שייד־ליניע — אַ געאָגראַפישע, אַ טעריטאָריאַלע דעמאַרקאַ־ציע־ליניע צווישן שטח פון מלכות־עברית און דער יידיש־וועלט.

נאָך קיינמאָל מסתם אין אונדזער פיל־לענדערדיקער און פיל־שפּראַכנדיקער געשיכטע איז די פונאַנדערטיילונג נישט געווען אַזאַ ברוטאַלע, די קאָנסעקווענצן אין פּערספּעקטיוו אַזעלכע סכנהדיקע, ווי איצט.

אונדזערע שפּראַכלעכע טאָטאַליטאַריסטן ווערן אָבער פון דער סכנה נישט אָפּגעשראָקן. זיי האָבן פאַר דער מחלה אַ תרופה, אַ ראַ־דיקאַלע רפואה, וואָס באַשטייט אין אָפּזאָגן ס'לעבן דעם קעגנערישן צד. ביידע פאַרגעסן דערביי נישט צו פאַרגלאָצן די אויגן און צו מאַכן אַ פרומע מינע צום בייזן שפּיל.

אינטעגראַלע העברעאיסטן פאַרמאַכן פרום די אויגן, וויינען אויס אַ יראַ־שמימדיקן קדיש אויף די „6 מיליאָן" און לייגן באַלד צו אַ ויצמח פורקניה: זאָל עס שוין אין איינוועגס זיין אַ הספּד פאַרן לשון פון די 6 מיליאָן: „פאַרפאַלן. די 6 מיליאָן זענען אַוועק אין קבר, זיי האָבן דאָרט אַהין מיטגענומען יידיש לשון: צו אַ ניי לעבן זענען אויפגעשטאַנען ישראל און איר שפּראַך העברעאיש. די געשיכטע ווייזט אונדז דעם וועג, לאָמיר אויף אים גיין".

טאָטאַלע יידישיסטן פאַרגלאָצן נישט ווייניקער פרום די אויגן, זאָגן אָפּ אַ שפרוך מבטל צו זיין כעפּרא דארעא „איווריט". זיי זיפצן אָפּ אויפן חילול הקודש צו באַאומרואיקן אַ מת־מצוה, מיט אַ הייליקער דיבוק־שפּראַך רופן זיי דעם „מת טהור" זיך אומצוקערן אין קבר אַריין. די הייליקע שפּראַך האָבן זיי, אַזוי שווערן זיי, זער ליב, אָבער בתנאי זי זאָל בלייבן אַ פאַרבאַלזאַמירטע מומיע.

אָבער איבער זיי אַלעמען איז נאָך דערווייל דאָ אַ לעבעדיק יידיש פאָלק, דער אַליין־באַשאַפער און אָפּהיטער פון זיינע גייסטיקע אוצרות. דאָס פאָלק, וואָס האָט באַשטימט דעם כאַראַקטער און די אייגנשאַפטן פון ביידע זיינע וויכטיקסטע לשונות, זיי אָנגעפילט מיט לעבן און אינהאַלט און פאַר זיי באַשטימט געשיכטלעכע אויפגאַבן אין פלוג קעגנגעזעצט, אָבער אין תוך זיך דערגאַנצנדיקע.

און אויב — ווער ווייס — אין צייטלעכן לויף פון אַלע יידישע — נעבן העברעאישע שפּראַכן, איז אויך פאַר יידיש אָנגעצייכנט דער סוף פון איר גאַנג, האָט אויך קיינער נישט באַקומען די רעכט אויף „דחיקת הקץ״.

העברעאיש קאָן פון חורבן יידיש נישט געבויט ווערן. דאָס פאַר־קערטע אוודאי נישט.

# לעבן און איבערלעבן אין דער קונסט

מיר לעבן אין אַלע מינוטן פון מעת לעת, אָבער נישט אַלע מינוטן פון מעת לעת לעבן מיר איבער; איבערלעבן מיינט זיך געפונען אין צושטאַנד פון אינטענסיווער פסיכישער שפּאַנונג, אין דער צייט, וואָס געוויינלעך לעבן מיינט פּאַרקערט, פסיכישע אָנטשפּאַנונג, בעת וועלכער אונדזער גאַנצער גייסטיקער אַפּאַראַט פירט בלויז אויס מעכאַניזירטע פונקציעס.

דער קינסטלער ווענדט זיך ביים אָפּקלויב פון זיין שטאָף צו די מאָמענטן פון איבערלעבן און נישט צום „לעבן". דאָס טוט ער נישט בלויז ווען דער שטאָף איז דער לעבעדיקער מענטש, נאָר אפילו ווען ער שילדערט די טויטע נאַטור. פאַרן קינסטלער זענען נישטאָ קיין טויטע אָביעקטן. ער באַלעבט זיי, ווייל נישט די נאַטור גיט ער, נאָר די אידעע פון דער נאַטור, איר שטימונג און איר ווירקונג אויפן מענטש.

דער קינסטלער שאַפט אָפּ דעם לאַנגווייליקן לויף פון לעבן. ער וואַרפט אָפּ די אומבאַדייטנדיקע צווישנרוימען, וואָס פילן אויס דעם חלל צווישן די אינטענסיווע איבערלעבענישן און ער באַהעפט די איבערלעבענישן אַליין איינער צו דער אַנדערער, געבנדיק זיי אַן אַנדערן לויף, אַן אַנדערן טעמפּאָ און אַן אַנדערן ריטם.

אויב אין דער קונסט בכלל ליגט באַהאַלטן די אַמביציע זיך צו פאַרמעסטן מיטן באַשאַף און ווי ער, דער באַשאַף און באַשאַפער, אויפשטעלן וועלטן, זאָל זיין פיקטיווע, זאָל זיין אימאַגינערע, ליגט נאָך אין דער דערציילערישער קונסט אויך דער באַגער צו ענדערן דעם גרויען לויף פון לעבן אין אַ פילפאַרביקן, דעם פאַמעלעכן טעמפּאָ אין אַן אינטענסיוון, אין אַ לעבן, וואָס קען נישט קיין אויטאָמאַטיזירטע אינטערוואַלן, נאָר איז בלויז דינאַמיק און שפּאַנונג.

די נאַטור וואָס האָט איר אייגענע אויפגאַבן, אַריינצוברענגען גלייכגעוויכט אין אַלעם, וואָס עקזיסטירט, האָט זיך אויך געזאָרגט אַריינצוברענגען אַ גלייכגעוויכט צווישן גוף און נשמה, לאָזנדיק געבוג אָטעם־פויזעס צווישן עמאָציע און עמאָציע. אונדזערע געפילס־וועלט איז אַזוי געוויקלט אין די גרויקייטן פון לעבן, ווי די טייערע מעטאַלן, וואָס זענען צוזאַמענגעפלאָכטן מיט די פסולתן פון וועלכע זיי דאַרפן ערשט גערייניקט און געלייטערט ווערן.

דאָס איז די אַרבעט פון דער קונסט. דאָס לעבן קען זיך נישט דערלויבן צו זיין ריין פון באַנאַליטעטן, די קונסט אָבער איז לויט איר עצם מהות און דעפיניציע גערייניקט און דיסטילירט.

דער דערציילער — אפילו דער עקסטרעמסטער רעאַליסט — ווענדט נישט אָן ביים שאַפן די פּראָצעדור פון לעבן, ד. ה., די פּראָצעדור פון באַנאַלע פּרטים, נאָר די פּראָצעדור פון חלום, וואָס איז דער סך הכל פון קאָמפּלעקס געדאַנקען, געפילן, איינדרוקן און גליי־סטענישן, וואָס שטראָמען דורך אַלע באַהאַלטענע און אָפענע קאַנאַלן פון אונדזער באַוווסטזיין צו ווערן בלויז קווינטעסענץ, אונטערשטע שורה.

ווען מיר זאָגן אַמאָל וועגן אַ קינסטלער, אַ דיכטער, אַ דערציי־לער, אַז ער איז אַ טרוימער, געבן מיר זיך אַליין נישט אָפּ קיין רעכנונג ווי ווייט די ווערטער גרייכן און ווי ווייט די באַצייכנונג איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער פּראָצעדור פון קינסטלער. דער אמתער קינסטלער טוט מיטן לעבן דאָס ווערק פון חלומות־שפּינער, ער באַשאַפט פיקציעס, וואָס געפינען זיך אין אַזאַ שייכות מיטן רעאַלן לעבן ווו אונדזערע חלומות מיט אונדזער אייגענעם לעבן. און פּונקט ווי דער חלום קאָן נאָר זיין אין נאָענטער שייכות מיט אונדזערע איבערלעבענישן און איז זייער קאָנדערסירונג, אַזוי מוז אויך דאָס ווערק פון קינסטלער זיין די קאָנדענסאַציע פון איבערלעבענישן.

אין דעם ביז איצט געזאָגטן ליגט נישט די כוונה אָפּצושאַצן, צו באַרעכטיקן, אָדער צו פאַראורטיילן די, אָדער יענע ליטעראַרישע שולע, דעם אָדער יענעם קינסטלערישן טעמפּעראַמענט, די כוונה איז בלויז צו דעפינירן אַן עטאַפּ פון שאַפן, וואָס איז אייגן דער דער־ציילערישער קונסט בכלל, איידער די דיפערענצירונגען, וואָס זענען אַ רעזולטאַט פון תקופה, פון סביבה, פון אומשטענדן, פון פערזענ־לעכן טעמפּעראַמענט און טאַלענט, הויבן אָן זייער ווירקונג. יעדער

קינסטלער, צי ער שעפּט זיין שטאָף פון די עמאָציעס פון מאַסן אָדער פון דער פּסיכיק פון יחיד, צי ער איז ליריש־סוביעקטיוו אָדער עפּיש־אָביעקטיוו, צי דאָס לעבן איז פאַר אים אַ מקור פון רמזים און סימ־באָלן פאַר פאַרהוילענע וועלטן, אָדער ער האַלט, אַז פיזאָלאָגיש־מאַטעריעלע סיבות באַשטימען די נייגונגען פון מענטש, אַלץ איינס וועט די פּראָצעדור זיין די זעלבע — פון אַדורכלאָזן קודם־כל די פּאַסירונגען — פּאַקטישע אָדער פאַרטראַכטע — דורך אַן אַפּאַראַט פון קאָנדענסאַציע, וואָס יעדער קינסטלער באַזיצט אויף אַ נאַטיר־לעכן אופן און וואָס גיט אים די מעגלעכקייט צו פאַרוואַנדלען רוי־שטאָף פון לעבן אין שטאָף פאַר קונסט. דאָס איז נישט קיין אויסער־לעכע טעכנישע אַרבעט, נאָר אַן אַרבעט פון קינסטלערישן טאַקט און מאָס, אַ סעלעקציע, וואָס געהערט צום סאַמע תוך פון קונסט און וואָס באַשטימט וועגן דער קוואַליטעט. אין דער מאָס געלייטערקייט פון די אַריינגעפירטע פאַקטן און איבערלעבענישן וועט מען דער־קענען די גרויסקייט פון קינסטלער.

די דיפערענצירונג פון ווערק, לויט ליטעראַרישע שולן, לויט קונסטריכטונגען, לויט די פּערזענלעכע נייגונגען פון קינסטלער צו אַזאַ אָדער אַנדערן אויסטייטש פון לעבן, צו אַזאַ אָדער אַנדערן סטיל, צו אַזאַ אָדער אַנדערן אָפּקלייב פון טעמעס, פון כאַראַקטערן און פון אויסדרוקן איז די זאַך פון קינסטלער אין צווייטן עטאַפּ פון זיין שאַפן, זי באַשטימט דעם כאַראַקטער פון ווערק, פון זיין אַנדערש־קייט פון אַנדערע ווערק.

אַלע שולן האָבן געהאַט גרויסע פאַרשטייער און אַלע שולן האָבן געהאַט עפּיגאָנען־אימיטאַטאָרן. אַלע שולן זענען פאַרגענגלעך, אָבער אַלע אמתע שעדעווערס ווערן דער אַרבטייל פון דער גאַנצער מענטש־הייט. ביז היינט איז נאָך די פראַנצויזישע קריטיק נישט אייניק, וואָס באַלזאַק איז געווען מער, אַ ראָמאַנטיקער אָדער רעאַליסט, אָבער אַלע זענען אייניק, אַז ער איז געווען אַ גאון. היפּאָליט טען האָט גערופן באַל־זאַקן — לשבח — „אַ גרויסער מאַגאַזין פון דאָקומענטן“, צענדלי־קער יאָרן האָט ער געזאַמלט און שטודירט דאָס לעבן פון אַלע זייטן. אָבער וואָס ער האָט אָנגעשריבן איז געווען קווינטעסענץ פון גאַנצע עפּאָכן.

מיר האָבן פאַרבייגייענדיק אויבן באַמערקט, אַז די קאָנדענסאַ־

ציע־אַרבעט ווערט אַנגעווענדט אַזוי גוט פאַר פאַרטראַכטע געשעע־נישן ווי פאַר פאַקטישע פּאַסירונגען. פיקציע אָדער פאַקט פונקט אַזוי ווי שולע און ריכטונג, ענדערט דאָ גאָרנישט. יעדעס שאַפן איז פיקציע און יעדע פיקציע וואָרצלט נאָך אַלץ ערגעץ אין אַ מאָדעל פון לעבן. ווי מיר זאָלן זיך נישט קערן און ווענדן געפינען מיר זיך אַלץ אין קרייז פון לעבן און ווהין מיר זאָלן אַלץ נישט וועלן אַוועק־גיין, גייען מיר פון דאָזיקן קרייז נישט אַרויס, נישט אין דער וואָר און נישט אין חלום.

פון דעם איז קלאָר, אַז דער קינסטלער אין זיין ערשטן עטאַפּ האָט מער אָפּצוואָרפן ווי אָנצוואַרפן, מער איבערצוגרופּירן פאַקטן ווי זיי צו שאַפן, זיי צונויפצופרעסן און זיי אונטערצוואַרפן זיין אייגענעם לאָגישן המשך.

ווי אַן אונטערשטיצונג צום באַהאַנדלטן קען אונדז דינען די חורבן־כראָניק. אין די לאַגערן האָט דאָס לעבן אַליין דורכגעפירט אַ טראַגישע קאָנדענסירונג פון די געשעענישן. די איבערלעבענישן האָבן זיך אין זייער גיהנומדיקער אינטענסיוויטעט אַליין באַהאָפטן איינע צו דער אַנדערער, נישט איבערלאָזנדיק קיין שום אָרט פאַר פּסיכישער אָנטשפּאַנונג. אַלץ וואָס איז דאָרט פאָרגעקומען איז עמאָציע און איבערלעבונג און מיטן בלויזן איבערגעבן די פאַקטן, האָבן מיר אַ שטאָף, וואָס האָט דורכגעמאַכט דעם ערשטן עטאַפּ, וואָס געוויינלעך טוט עס דער קינסטלער, און איז צוליב דעם שטענדיק פאַרכאַפּנדיק. אַ קינסטלער האָט דאָ די מעגלעכקייט פון געבן די געשעענישן אַן אייגענעם זין, אַנאַליזירן זיי און די פּסיכיק פון די מענטשן לויט אַן אייגענעם מעטאָד, אָבער די אַרבעט פון סעלעקציאָ־נירן איז שוין דאָ אָפּגעטון.

סיי דער קינסטלער, סיי דער כראָניקער האָבן אין די לאַגער־געשעענישן נישט געהאַט מער פאַר זיך קיין רוי־שטאָף, נאָר שטאָף אַרויסגעשניטן פון ריינסטן טראַגישסטן געוועב.

דאָס מיינט אגב אורחא, אַז דער וויכוח, צי מען דאַרף וועגן די קאַטאַסטראָפע־יאָרן נאָך אַלץ שרייבן בלויז זכרונות אָדער ריין ליטעראַריש — אין אַ זינלאָזער.

# די דריי אבות פון דער יידישער ליטעראַטור פאַרן כסא הכבוד

חורבן אגדתא

אַריינפיר

און עס איז געווען אין די פינצטערע טעג פון אומקום, ווען די גערמאַנישע האָרדעס פון היטלער, ימח שמו, האָבן פאַרפלייצט די שטעט און שטעטלעך פון יידישן תחום־המושב פון פוילן, ליטע און אוקראַינע און זיי האָבן געפייניקט און געשאָכטן יונג און אַלט און זיי האָבן אַזעלכע עינויים אויסגעקלערט, וואָס קענען איבערן מויל נישט געבערענגט ווערן און דער זוימען פון אברהם האָט חלילה, גע־האַלטן ביים פאַרלענדט ווערן. דעמאָלט האָבן די דריי אבות פון דער יידישער ליטעראַטור: מענדעלע, פּרץ און שלום עליכם, וואָס האָבן אויס גרויס ליבע צו זייער פאָלק געשאַפן אַ ליטעראַטור אין דער פאָלקס־שפּראַך, צעריסן אויף זיך זייערע מלבושים, און גענענט צום כסא הכבוד, צו בעטן רחמים פאַר זייער פאָלק.

דער ערשטער האָט זיך דערנענטערט צו דער שטול פון קודשא בריך הוא דער זיידע ר׳ מענדעלע. די שכינה איז געווען איינגעהילט אין אבילות און טרויעריק געשוויגן. און ר׳ מענדעלע האָט אַזוי געזאָגט:

— רבונו של עולם, איך האָב שטענדיק מתדעם געווען אויף די טאָרבע פון קאַבצאַנסק. ווילסטו אָבער, חס וחלילה, פאַרשניידן די טאָרבע, צוזאַמען מיטן אָרימאַן, זאָג איך דיר ביסט אַן אכזר; און קענסטו צוקוקן ווי די טמאים מאַכן זיך לוסטיק איבער די הייליקע קהילות פון קאַבצאַנסק, גלופּסק און פיאַטיגנילעווקע, טאָ מעק־זשע מיך אויס פון דיין ספר פון אומשטערבלעכע, כדי איך זאָל נישט איבערלעבן דעם צער פון מיין פאָלק.

דאָ איז אונטערגעשפּרונגען דער שטן, דער מקטרג און געזאָגט:

— קען אַ קטיגור ווערן אַ סניגור? און קען אַן אַפּשפּעטער ווערן אַ בעטער?

האָט רבי מענדעלי געוויינט און ווייטער געזאָגט:

— גאָט, וואָס קענסט די געדאַנקען פון מענטש, ווייסטו דען נישט, אַז מיינע כוונות זענען נאָר געווען צום גוטן, ווייסטו דען נישט, ווי שטאַרק ווייַ עס האָט מיר געטאָן פון דעם, וואָס אַלע רייטן אויף דער בידנער קלאַטשע, נעבעך?

אין מיינע רייד איז געלעגן ליבע, אָבער אין דיינע מעשים ליגט אכזריות.

דער שטן האָט אָבער נישט דערלאָזט פאַרענדיקן די טענות פון זיידן און די שכינה האָט געשוויגן.

דעמאָלט איז יצחק לייבוש פּרץ געפאַלן פאַרן כסא הכבוד. צו רעכטס פון גאָטס שטול, האָט זיך באַוויזן דער סניגור מיט די דריי מתנות אין דער האַנט, און פּרץ האָט כליפּנדיק אַזוי געזאָגט:

מיטן זכות פון באַנטשען און מיטן שטאָלץ פון רבי שלמהן קום איך און איך זאָג דיר:

ווערסטו מאַריה דעלמא שווייגנדיק צוקוקן ווי דיין פאָלק טרינקט זיך אין בלוט און ווערסטו נישט אָפּשרייען די גזרה, וועלן מיר דיר צוריקשליידערן דעם ברית, וואָס מיר האָבן מיט דיר כורת געווען און חרוב זאָל ווערן די וועלט און הימל און ערד זאָלן אונטער אירע חורבות באַגראָבן ווערן!

איז געוואָרן אַ רעש אין אַלע היכלות. אַ ציטער איז אַדורך די פמליא של מעלה, די שכינה האָט זיך נאָך מער איינגעקאָרטשעט און געשוויגן.

און דער שטן איז ווידער געקומען און געזאָגט:

— צי קען דער, וואָס האָט געזאָגט „ווען איך זאָל פּאָר גויים גויאיש זינגען, וואָלט מיין ליד אַנדערש געקלינגען", ווערן דער סניגור פון זיין פאָלק?

האָט גאָט אָנגעשריגן דעם שטן און געזאָגט:

— שווייג, שטן מקטרג! ווי לאַנג ווערסטו נאָר שטענדיק אויס־זוכן דאָס שלעכטע, ווער ווי מיין זון פּרץ, האָט אַזויפיל ממליץ גע־ווען אויף זיין פאָלק און אָט זענען די דריי מתנות, וואָס פּרץ האָט

שוין לאַנג אַרויפגעשיקט צום בית־דין של מעלה. און דער סניגור האָט זיי איצט אין האַנט.

פרץ אָבער האָט זיך אָפּגערופן:

— רבונו של עולם, נישט דריי מתנות האָב איך פאַר דיר, נאָר אַן אַ שיעור מתנות פון קידוש השם, מיט וועלכע איך קען פאַרשיטן כביכול דעם גאַנצן כסא הכבוד.

אָט האָסטו דעם טויטשיין פון אַ מאַמע, וואָס קענענדיק אַדורכ־גיין דורכן טויער פון ווילנער געטאָ צו דער זייט פון לעבן האָט זי געזאָגט צום זון: גיי דו מיין זון, ווייל עס שטייט דאָך על כן יעזוב איש את אביו ואת אמו ודבק באשתו.

און אָט האָסטו דעם ראָק, וועלכן דער בחור, וואָס האָט אין סקאַרזשיסקא גייענדיק צום טויט, געוואָרפן צו זיין חבר, כדי עס זאָל אים וואַרמער זיין און נאָך און נאָך אָן אַ שיעור מתנות.

קוק נאָר גאָט אַראָפּ, אויף אַלע וועגן פון איראָפּע, פירט מען די קינדער פון דיין פאָלק צו די גאַז־קאַמערן און זיי האָבן זיך נאָך אַלץ נישט מיאש געווען און דיין נאָמען נישט פאַרלייקנט.

און דער שטן האָט געלאַכט און געזאָגט:

—אויך איך קען מיט מיינע מתנות פאַרשיטן דעם כסא הכבוד, מיט די היטלען פון דער יידישער געטאָ־פּאָליציי, מיט די שטעקנס פון די יידישע קאַפּאָס און מיט די קוויטעלעך פון די יידישע מוסרים.

דעמאָלט איז פרץ אויפגעשפּרונגען און געשריגן:

— ווי לאַנג נאָך וועסטו אַזוי, עתיק יומין, שטעלן אונדזער פאָלק פאַר אַזעלכע נסיונות, וואָס קיין שום אומה ולשון האָט נאָך קיינמאָל נישט געהאַט אויסצושטיין און צי וועסטו בלייבן זיצן און האַלטן רואיק דאָס צינגעלע פון דער וואָגשאָל און וועגן און ציילן, און ציילן און וועגן, אַ מצוה קעגן אַן עבירה, אַ עבירה קעגן אַ מצוה און לאָזן אָפּגיין יידן אין בלוט. אויב מלכותא דרקיע איז נישט בעסער פון מלכותא דארעא איז לית דין ולית דיין.

אַ ציטערניש איז אויפגעגאַנגען אין אַלע זיבן הימלען, אַן אימה־דיקע שטילקייט איז באַפאַלן די מלאכים און שרפים, עס האָט זיך בלויז געהערט דאָס כיכלען פון שטן.

דעמאָלט האָט שלום עליכם זיך דערנענטערט צום כסא הכבוד און ער האָט אַזוי שטאַרק געוויינט, אַז אַלע מלאכים האָבן זיך פאַר־

שעמט און די שכינה האָט פאַרדעקט איר פּנים און דעם שטנס געלעכטער איז פאַרשטומט געוואָרן און שלום עליכם האָט אַזוי געזאָגט:

— איך האָב צוריקגעגעבן מיין פאָלק דאָס געלעכטער, וואָס האָט זיך שוין געהאַט אָפּגעטאָן פון אים און דו האָסט עס ווידער פון זייערע לעפצן פאַרשניטן. קוק אַראָפּ פון הימל און זע! אין אַ פינצטערן בונקער זיצן נאָך עטלעכע בלייכע אויסגעהונגערטע, פאַרמאַטערטע קינדער. פון זייערע ליפּן איז פאַרשוווּנדן דער קינ־דערשער שמייכל, אָבער אָט לייענט פאַר זיי די לערערין מיינס אַ קינדער־מעשהלע און איבער זייערע פאַרוויטיקטע פאַרקרומטע גרי־מאַסן פאַרציט זיך אַ דינער שמייכל. און איצט גאָט, פאָדער איך פון דיר בלויז איין זאַך: ווילסטו נישט אָדער קאָנסטו נישט אָפּטון די גזרה פון פאַרטיליקונג איבער מיין פאָלק, אויב די לעצטע עופּהלעך זאָלן נאָך, חלילה, אויפגעלאָדן ווערן אין וואַגאָנעס און ווי געבונדענע שעפּעלעך אָפּגעפירט ווערן צו דער שחיטה, וויל איך, אַז דאָס גע־לעכטער זאָל זיך אָפּטון פון דער וועלט. זאָל מער קיין מענטש, זאָל מער קיין קינד נישט קענען לאַכן, נישט קענען שמייכלען נאָכן אומקום פון מיין פאָלק, דאָס פאָדער איך, פון דעם וועל איך נישט אָפּטרעטן.

און אַלע מלאכים האָבן זיך צעוויינט, ווען שלום עליכם האָט אַזוי גערעדט און כביכול האָט באַהאַלטן זיין פּנים און געוויינט און דער שטן מקטרג איז פאַרשוווּנדן.

דעמאָלט האָט די ערד אויפגעציטערט ביז צו אירע גרונטן און אַ בת־קול האָט זיך געטראָגן פון איין עק וועלט ביז צום צווייטן אַזוי צו זאָגן:

— זייט וויסן מיינע קינדער, מענדעלע, פּרץ און שלום עליכם, אַז דער זוימען פון אברהם וועט נישט פאַרשניטן ווערן, זייט וויסן, אַז דער דור, וואָס לעבט איבער די פּיין וועט אויך דערלעבן אַן אויסלייזונג; דער דור, וואָס האָט פאַר זיך אַזאַ פינצטערניש וועט אויך דערזען אַ גרויס ליכט און אויך אייער ווערק וועט האָבן אַן אייביקן קיום, און אַלץ, וואָס איר האָט געשאַפן וועט אַריינגעגאָסן ווערן אין אוצר פון יידישער אייביקייט.

1946

# טביה און מנחם מענדל אין זייער נייעם גלגול

מענדעלע האָט אויסגעלאַכט, שלום עליכם האָט מיטגעלאַכט, זיינע לייענער — אַ גאַנץ פאָלק, האָבן אים צוריקגעצאָלט מיט דער זעלבער מטבע — געלאַכט און זיך משמח געווען. די ווערטלעך, משלים און מאַנאַלאָגן פון טביהן זענען געוואָרן דער קנין פון גאַנצן פאָלק, און נאָכגעזאָגט געוואָרן ווי פסוקים פון די אַלטע ספרים.

אַזוי ווי די וואַסערן פון די וואָלקנס, וואָס פליסן דורך טייכן אין אונטערערדישע קאַנאַלן צוריק צו די ימים, פון וועלכע זיי האָבן אַרויסגעפּאַרעוועט, אַזוי האָבן זיך די וואָרעמקייט און די חכמה, וואָס פליסן פון שלום עליכמס געשטאַלטן און פון זייערע רייד ווי־דער באַהאָפטן צום פאָלק, פון וועלכן זיי זענען געקומען. צווישן שלום עליכמען און יידישן המון־עם האָט זיך איינגעשטעלט די נאַטירלעכסטע פאַרבינדונג, וואָס האָט וועגן עס איז עקזיסטירט צווישן אַ שריפטשטעלער און אַ פאָלק. דאָס פאָלק האָט זיך דערקענט אין שלום־עליכמס שפיגל און זיך אַליין האַרציק פונאַנדערגעלאַכט.

שלום עליכם איז קיינמאָל נישט פאַרפלויגן אין די הימלען, זיך נישט אַראָפּגעלאָזט אין די תהומים, אָבער וואָס שלום עליכם האָט דערזען בלויז אויפן אויבערפלאַך, האָבן אַנדערע פאַר אים נישט געפונען, נישט אין די הויכקייטן און נישט אין די טיפקייטן. וואָס שלום עליכמען איז געגעבן געוואָרן צו דערגריין מיט זיין קינסטלע־רישן אינסטינקט, האָבן אַנדערע נישט געקענט דערגרייכן מיט אַנדערע אַריינדרינג־מיטלען.

שלום עליכם האָט אין זיך רעזומירט און פאַרסכהכולט דאָס תוכיקסטע פון דער פאָלקס־חכמה, פון דער געזונטער חכמה, אויס־געפּרוווטער אין דערפאַרונג פון דורות. יעדעס ווערטל — אַן אַק־

סיאָמע; יעדער מאָנאָלאָג — אַ פּראַקטישער אויסטייטש פון גאַנצן היימישן אַרום.

ווען אונדזער ליטעראַטור וואָלט געהאַט די מערכה פון אַ גרויסער וועלט־ליטעראַטור וואָלטן באַדאַרפט נישט בלויז קריטיקער און קונסט־אַנאַליטיקער נאָר פּסיכאָלאָגן און פּסיכיאַטערן אויספאָרשן די מיטלען מיט וועלכע שלום עליכם האָט זיך באַנוצט ביים פונאַנדערשרויפן דעם מעכאַניזם פון דער יידישער פאָלקס־פּסיכיק, וועלכע עלעמענטן ער האָט צענומען און פון זיי צוריק צונויפגעשטעלט אַזעלכע אויסשעפנדיקע נאַציאָנאַל־רעפּרעזענטאַטיווע טיפּן, ווי טביה און מנחם מענדל, הגם עס איז נאָך אַ גרויסער ספק, צי מען קען איבערהויפּט אַנאַליזירן קינסטלערישע אינטואיציע.

שלום עליכמס הויפּט־געשטאַלטן — ווען אַפילו אָפּטמאָל אונטער אַנדערע נעמען — טביה און מנחם מענדל — וואָלטן דעמאָלט פאַרנומען אין דער רייכער גאַלעריע גענעראַליזירטע טיפּן פון דער וועלט־ליטעראַטור — און אפשר מיט מער רעכט — דאָס זעלבע אָרט ווי אַ דאָן קישאָט, אַ האַרפּאַגאָן, אַ פיגאַראָ, אאַ״וו.

עס איז מעגלעך — און שלום עליכם רעדט דערפון — אַז ער האָט טאַקע ערגעץ אָנגעטראָפן אַזעלכע פאַרשוינען וואָס האָבן אים געדינט ווי פּראָטאָטיפּן פאַר זיינע צוויי מאָנומענטאַלע פּאָרטרעטער. עס איז אָבער קיין שום ספק נישט, אַז דאָ איז נישט גענוג געווען צו אָבסערווירן און קאָפּירן, נאָר עס האָט געמוזט מיטגיין די אינטואיטיווע זיכערקייט, אַז אין יעדן איינעם פון אונדז, פון יידישן מענטש, ליגט אַ שטיק טביה פון איין זייט און אַ שטיק מנחם מענדל פון דער צווייטער זייט און אַז די אָנגעטראָפענע פּראָטאָטיפּן פאַרקערפּערן אין זיך אין אַ ממשותדיקער קוואַנטיטעט די דאָזיקע רעפּרעזענטאַטיווע אייגנשאַפטן. ווייל עס איז זיכער, אַז שלום עליכמען איז געלונגען, וואָס קיין איין יידישן שרייבער ביז אים איז נישט געלונגען: צו שאַפן צוויי גענעראַליזירטע טיפּן יידישע מענטשן, וואָס זענען כולל דעם תמצית פון פאָלקס־כאַראַקטער. דער ערשטער, טביה, מיטן תמימותדיקן ביטחון און מיטן ניואַנס פון אַן אייביקרעזיגנירנדיקן גם זו לטובה, מיטן נעמען ס׳לעבן ווי אַ מתנה און ווי אַ נס, און מיטן סקעפּטישן שמייכל, אַז „עס האָט געקענט זיין נאָך ערגער״, דער צווייטער, מנחם מענדל, מיטן נעמען ס׳לעבן ווי

אַ „קונץ", ווי אַ המצאה, שטענדיק זיין גרייט צו שאַפן אַ יש מאַין, זיין תמיד אין דער לאַגע זיך צו דערהויבן נאָכן פאַלן, און שטענדיק זיך טרייסטן מיט גליקן, וואָס וועלן קומען מאָרגן...

אייגנטלעך זענען זיי ביידע פול מיט בטחון. דאָס איז זייער הויפּט־שטריך. טביה איז בלויז אַ מנחם מענדל, וואָס איז פּראַקטישער און האַלט, אַז ביז צו דער קרעטשמע באַדאַרף מען אויך אַ טרונק בראָנפן. כאַראַקטעריסטיש איז, אַז ביי שלום עליכמען זענען טביה און מנחם מענדל קרובים, און ער פירט זיי טאַקע איינמאָל צוזאַמען. מיר דערזעען זיי דעמאָלט ווי וואַריאַנטן פון איין טיפּ מענטש. טביה כאַפּט זיך בלויז שנעלער, אַז זיין חלום איז דורכגעפאַלן, ער טרייסט זיך אָבער גלייך, און עפּנט דערמיט דעם וועג ווייטער געפאַנגען צו ווערן אין נעץ פון מנחם מענדעלס פאַנטאַזיעס.

דאָך איז דאָ אַ וויכטיקער ניואַנס אין דער טיפּישער צווייאייניקייט טביה — מנחם מענדל: טביה שטעלט מיט זיך פאָר אַ טיפּ פון אַ יידישן דאָרפסמאַן. ווי דאָס וואָלט ער געווען דער, וואָס האָט נאָך אויפגעהאַלטן לדורות די ערד־נאָענטקייט, דאָס באָדנדיקע. ווי אַזעלכער איז ער נענטער צו דער נאַטור, קוקט זיך צו צו איר אייביקן גאַנג און איז דעריבער אַביסל מער געשטימט פילאָזאָפיש. זיין בטחון איז צוליב דעם געמישט מיטן געפיל, אַז נישט בלויז די מענטשלעכע המצאה באַשטימט און דעצידירט. זיינע פּסוקים דאַרפן טאַקע מרמז זיין אויף דער דאָזיקער נישט־זיכערקייט פון דער המצאה פון איין זייט און די פעסטגעשטעלטע וועגן פון דער השגחה — פון דער צווייטער.

אַנטקעגן מנחם מענדל איז דער פּערפעקטער שטאָט־מענטש, דער מענטש, וואָס שווימט אין קאָמבינאַציע, דער ייד וועמענס איינגעבוירענער ביטחון געפינט אַן אויסגאַנג אין „אויפּטו" אין דער המצאה.

דאָס גאַנצע יידישע לעבן האָט זיך אויף עפּעס אַנדערש נישט געהאַלטן ווי אויף טביהס פּסוק און מנחם מענדלס המצאה.

*

בעת מיין באַזוך אין ישראל, האָב איך די גאַנצע צייט געהאַט דעם איינדרוק, אַז דאָס לעבן האָט נאָכגעמאַכט שלום עליכמען און צונויפגעפירט טביהן מיט מנחם מענדלען. דער גורל האָט פאַר זיי

באַשטימט דעם זעלבן ראַנדעוווּ, וואָס עס האָט פאַר זיי אַמאָל באַ־שטימט זייער באַשאַפער.

טביה האָט געשאַפן דעם קיבוץ מיט זיין תמימות און מיט זיין צולייגן אַ האַנט, ביז דער נס וועט קומען. מנחם מענדל האָט דער־שמעקט המצאה. ער בויט שטעט אויפן זאַמד. און אַ שווערע מלחמה גייט אַן צווישן אים און די זאַמדן פון דער מדבר, וואָס ווילן זיך נישט לאָזן פאַריאָגן. ווי נאָר אַ חלל צווישן צוויי מויערן קומט ער, דער מדבר־זאַמד אַנצופליען, אָבער מנחם מענדל פאַריאָגט אים. פאַרבויט אים מיט שטעט, מיט פאָרטן, מיט פאַבריקן. נאָר אַ מנחם מענדל מיט דער נאַטירלעכער רגילות צו שאַפן אַ יש מאין איז דער צו מסוגל געווען.

ווי ביי שלום עליכמען האָבן זיך ווידער דאָ אין ישראל צונויפ־געטראָפן די קרובים טביה און מנחם מענדל. דער אַלטער חשד איז נישט אַוועק, די טביהשע איראָניע אויך נישט, אָבער קרובים איז מען, מען פאַרשטייט זיך און מען דערגאַנצט זיך.

אין אַ ניואַנסירטן גלגול זענען זיי דאָ. זיי זענען דאָ אין זייער נייער צורה און נייע באַדינגונגען. זיי זענען דאָ די צוויי נאַציאָנאַלע טיפּן, וואָס שלום עליכם האָט מיט זיין גענִיאַליטעט דערקענט און אַרויסגעברענגט: דעם פאַרהאָרעוועטן ביטחונדיקן גם זו לטובהדיקן טביה און דעם מנחם־מענדלדיקן קונצנמאַכער, שפּינער פון גליקן פאַרן מאָרגן...

ווען מיר לאַכן ביים לייענען שלום עליכמען איז עס נאָר צוליב דער לעכערלעכער סיטואַציע ביי וועלכער עס קומט זיי אויס אָנצו־ווענדן זייערע אייגנשאַפטן, אָבער נישט צוליב זייער כאַראַקטער. שלום עליכם האָט זיי ווי אַ קינסטלער געקענט באַהעפטן צו דער סיטואַציע, אָבער דאָס טיפּישע, וואָס דער גאונישער שלום עליכם האָט אַנטדעקט, איז מחוץ פון אַלע סיטואַציעס און פון אַלע אָביעק־טיווע באַדינגונגען. עס איז אייביקער פאָלקס־כאַראַקטער.

עס מעגן כנענים און אַנדערע טעמפּע שוללי הגלות וועלן פאַרטרייבן דעם „גלות־ייד" פון ישראלדיקן באָדן, עס וועט זיי נישט העלפן. זיי זענען דאָ די טביהס און מנחם מענדלס און אָן זיי וואָלט איבערהויפּט גאָרנישט געשאַפן געוואָרן.

# פּרץ — די אויסשטראַלונג פון פּוילישן יידנטום

מיט אַריבער הונדערט יאָר צוריק איז אין דער אַלטער פּויליש־יידישער שטאָט זאַמאָשטש „עיר מלאה חכמים וסופרים", ווי פּרץ אַליין רופט זי אָן, געבוירן געוואָרן ביי באַלעבאַטישע האַלב־פּאַרמעג־לעכע עלטערן יצחק לייבוש פּרץ. דאָס ייִנגל איז געווען אַ גרעאַטנס, אַן עלוי. צו דריי יאָר פּראַוועט מען שוין די חומש סעודה. ס׳קעפּל שאַרפער ווי ס׳ציינגל, קאָן דאָס קינד נאָך נישט אַרויסרעדן די קוף, זאָגט „ויטרא" אַנשטאָט ויקרא", אָבער דעם טייטש וויס עס שוין.

וואָלט דאָס שאַרפע קעפּל מיטן דיכטערישן געמיט געבוירן גע־וואָרן מיט אַ פּאָר דורות פריער וואָלט צוגעקומען דער יידישער וועלט אַ מהרש׳א אָדער אַ ר׳ נחמן ברעצלאַווער, גיכערביידע צו־זאַמען. וואָרום אין פּרצן האָבן געהויזט צוזאַמען דער בר־דעת, דער לאָגיקער, דער חריף און דער געמיט־מענטש, דער דיכטער, דער טרוימער. ווי אַזוי בינדט זיך דאָס צוזאַמען? „עס בינדט זיך טאַקע נישט. עס גיסט זיך נישט צוזאַמען. אַ פּראָצעס פון צוויי עלעמענטן (אַ לאָגישער מח און אַ האַרץ פול געמיט) אין „איין בעל כרחך אתה חי" (מיינע זכרונות — י. ל. פּרץ).

וואַקסט דאָס גרעאַטנע ייִנגעלע, דער לאָגישער מוח און „דאָס האַרץ פול געמיט" וואַקסן מיט, דער יונגער עלוי שלינגט צוזאַמען הלכה מיט אגדה, רמבם מיט קבלה. און דער בריסקער רב און דער ביאַלער רבי, דער ליטוואַק סקעפּטיקער און דער ניעמיראָווער הי־מעל־פליער וווינען ביידע אין אים אַליין.

ערשט שפּעטער, בהדרגה, טרעט דער סקעפּטיקער אָפּ זיין פּלאַץ. די איראָניע — די בריק איבער וועלכער פּרץ האָט פון האַלב־שפּאַ־סיקן שלא לשמה אַריבערשפּאַצירט צום לשמה, צום נעמען זיך אַליין

ערנסט — פאַרשווינדט. דער שמייכל אין דער זייט פון די אָפּשפּעטער ווערט זעלטענער, ביז ער אידענטיפיצירט זיך צום סוף מיט זיינע גרויסע פאָלק־געשטאַלטן אין אַזאַ מאָס, אַז מ׳קען שוין אים אַליין קוים אָפּשיילן פון זיי, פון ניעמיראָווער און בערדיטשעווער. ער אַליין לאָזט שוין איבער זיין שרייבטיש ווי דער צדיק די סליחות. מיט ליבע, רחמנות און מסירות נפש גיט ער זיך אַוועק דער הילף־אַרבעט פאַרן יידישן קינד בעת די גירושים און צרות, שוין פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. און ווען פון אַלע זייטן קומען אָן איובס בשורות, שטעלט זיך דאָס גרויסע יידישע האַרץ אָפּ.

וועגן ר׳ מענדעלע קאָצקער פלעגן חסידים זאָגן: ווען ער זאָל לעבן אין די צייטן פון די נביאים וואָלט ער געווען אַ נביא, אין די צייטן פון די תנאים — אַ תנאי, בימי הגאונים אַ גאון. וועגן פּרצן קאָן מיט זיכערקייט געזאָגט ווערן: ער געהער צו די גרויס־געשטאַלטיקע גייסטער, וואָס זענען באַשאַפן געוואָרן אין אַלע צייטן און ביי אַלע אומשטענדן צו זיין דאָס ליכט פון זייער דור.

און מיר זיינע לייענער פון פאַר 30 יאָר צוריק, האָבן פּרצן נישט געלייענט נאָר געלערנט, טאַקע ווי מען לערנט אַ שטיקל מהרשא, אָדער אַ הארבן רמבם. דערמאַנט עס זיך, ווי מען האָט זיך געפרעגט און פאַרטייטשט שטיקלעך פּרץ און ווי מיינער אַ חבר האָט מיך גע־פרעגט: „און וואָס איז טייטש „קריע גייט אין קריע״? (גאָלדענע קייט) מיר האָבן זיך געקוויקט מיט די קורצע, שאַרפע אָפּגעהאַקטע זאַצן, מיטן ודי לחכימא ברמיזא סטיל. פּרץ איז אין אונדזער אַלע־מענס אויגן געוואָרן אונדזער העכסטער פאַרטרעטער, אונדזער אייגן געוויסן, דאָס קול וואָס רופט און איז ווערט געהערט צו ווערן.

פּרץ איז אין די אויגן פון זיין גאַנצן דור געוואָרן זיין העכסטע אויסשטראַלונג, די עמאַנאַציע פון פּוילישן יידנטום. ווער האָט קיין שטיינער נישט געוואָרפן אין דאָזיקן פּוילישן יידנטום, און אָט אָ דעם יידישסטן יידנטום פון פּוילן, ליטע און רייסן? שונאים האָבן פאַסן געריסן, פריינט האָבן די קעפּ אַוועקגעבויגן אויס רחמנות. משכילים האָבן אויסגעלאַכט, מענדעלע האָט ביטער געשטראָפט. פּרץ האָט אַ שליידער געטאָן זיין צויבער־שטעקעלע און באַלד זענען געשען ניסים. גלופּסקער בטלנים, טונאַיעדעווקער טויגנישן זענען

טראַנספּאָרמירט געוואָרן אין נשמה־גיבורים, אין למד־וואָוניקעס און בעלי מדות, זייערע שמאַטעס — אין בגדי מלכות.

פּרץ איז געווען מער עסטעט און מער קולטור־מענטש ווי אַלע זיינע פאָרגענגער, און דאָך איז עס דווקא געווען ער, וואָס האָט מבטל געווען די חיצניות און זיך געוואָנדן צום אינעווייניקסטן צו דעם, וואָס אין פידעלע שטעקט, ווייל ער האָט געקענט אונטערשיידן צווישן תוך און קליפּה, צווישן אָנוווקס און קערן, און געוווּסט האָט ער אויך, אַז דער קערן איז אַן אייגענער און דער גראָטעסקער אָנוווקס איז אַמיינסט אַן אָנגעוואָרפענער.

אָנגעהויבן האָט פּרץ מיט ברענגען דאָס געלייטערטע וואָרט. ביז צו פּרצן איז שוין געווען אַ ליטעראַרישע שפּראַך. אַנדערע פאַר אים האָבן שוין באַוויזן זיך צו באַנוצן מיטן יידישן לשון, ווי מיט אַ מכשיר פאַר ליטעראַטור. עס האָט שוין עקזיסטירט — וואָלט איך מיך אויס־געדרוקט — דער קאָלעקטיוו פון ווערטער. אָבער דאָס איינצלנע וואָרט, דאָס יידישע וואָרט אַלס יחיד האָט נאָך נישט געהאַט באַקו־מען זיין חשיבות. די יידישע ליטעראַטור האָט נאָך ביז פּרצן נישט געהאַט דערגרייכט די מדרגה פון אָנווענדן דאָס, וואָרט פאַר פאָרעם, פאַר סטיל און נישט בלויז פאַר אינהאַלט, אַזוי, אַז דער איינדרוק זאָל נישט קומען בלויז פון לאַנגע באַשרייבענישן, נאָר פון פּלאַסטישן אויסדרוק, פון דער שאַרפקייט פון וואָרט. דאָס איז ערשט געווען פּרצס פאַרדינסט.

פּרץ צווייטער גרויסער, גרעסטער פאַרדינסט איז געווען צו שאַפן באַדינגונגען — דורך אַ ציל־באַוווסטער ליטעראַטור — פאַרן אומקער פון אָפּגעפרעמדטן. דער ישיבה בחור, אַ באַאומרואיקטער און פאַרלוירענער דורך דעם אָפּקלאַנג פון דרויסן, האָט דורך פּרצן באַ־קומען אַ באַרויקנדיקן גלעט; דער יידישער אַרבעטער אַן אויפגע־וועקטער און נישט דערוועקטער, ווענען אַ פרישער שלעכט־פאַר־דייעטער אינטערנאַציאָנאַליזם האָט אַרויסגעוואָרצלט פון זיך און נישט אַריינגעוואָרצלט ערגעץ אַנדערש, האָט אין פּרצן באַקומען אַ צוגאַנג צו אַן אייגענעם הומאַניזם. גרויס איז טאַקע געווען די ליבע פון יידישן אינטעליגענט און יידישן אַרבעטער צו זיין נייעם רבי. דער טיף יידישער אינטעליגענט און אַרבעטער־אינטעליגענט זענען אין אַ גרויסער מאָס געווען די פאָרמאַציע פון פּרצס השפעה.

עס איז באַקאַנט די חסידישע מעשה מיטן ייד, וועמען עס האָט זיך געחלומט, אַז ערגעץ ווייט, אַזש אין פּראַג, וואָס אין בעהמען געפינט זיך אַן אוצר אונטער דער בריק. און ווען ער האָט זיך מיט גרויס מאַטערניש ענדלעך אַהין דערשלעפּט האָט זיך אים ווידער געחלומט, אַז דער אוצר געפינט זיך ביי אים אין שטעטל און דווקא אין זיין שטוב הינטער זיין אייגן בעט.

פּרץ האָט ווי אין דער חסידישער מעשה צוריקגעשיקט דעם בלאָנדזשענדיקן יידישן מענטש צו זיך אַהיים צום אוצר, וואָס געפינט זיך אין זיין אייגענער שטוב.

פּרצס אַמביציע ווערט צו שעפּן פון אייגענע קוואַלן, פון אייגע־נעם ברונעם שעפּן וואַסער, עס דיסטילירן, פילטרירן און ערשט דערנאָך, געריייניקט און באַטעמט עס דערלאַנגען צום גומען. וואָס פאַר אַ זין האָט פאַר אַן אַלט פאָלק, וואָס האָט שוין מיט טויזנטער יאָרן צוריק אין שיר השירים געגעבן דאָס וועזנטלעכסטע פון אַלע ראָמאַנען, אין „רות״. דאָס האַרציקסטע פון אַלע אידיליעס צו ווערן אַ סתם פּראָדוצענט פון ליטעראַטור ?

אמת, אַלע אייביקע פּראָבלעמען, וואָס שטעלן זיך פאַר דער גאַנצער מענטשהייט שטעלן זיך אויך און נאָך שאַרפער פאַרן יידישן מענטש, דער פּראָבלעם פון יחיד און זיינע אויפגאַבן אין מענטש־לעכן קאָלעקטיוו, פּראָבלעם פון ליבע, מסירות־נפש. אָבער זייער קינסטלערישן תיקון, זייער דיכטערישן לבוש דאַרף דער יידישער קינסטלער און דיכטער געפינען אין זיין אייגענעם מקור. און פּרץ שאַפט לויט דער דאָזיקער קאָנצעפּציע. אין „גאָלדענע קייט״ באַ־האַנדלט ער פּראָבלעמען פון יחיד און מאַסע, אין די „פאָלקסטימ־לעכע״ — פראַגן פון קרבן און געלייטערטקייט, אין פּרוש פון פאַליש אויף דער קייט — דעם פלאַם פון געפּענטעטער ליבע. פון דאַנען ביי פּרצן אַזאַ האַרמאָנישער צוזאַמענגוס פון פאָרם און אינהאַלט, אָפּטיילן פּרצס סטיל פון פּרצס תוך, איז פּונקט אַזאַ בחנמדיקע אַרבעט, ווי ווערלן דערהאַלטן די פאָרם פון אַ דרייקאַנט און גלייכצייטיק דעפאָר־מירן איינע פון זיינע ליניעס.

*

אָבער נאָך אַלעמען, נאָך פּרצס אַלע גרויסע ליטעראַרישע דער־גרייכונגען איז די דערשיינונג י. ל. פּרץ נישט געגעבן געוואָרן צו

מעסטן בלויז לויט זיינע אויפטוען אויפן ליטעראַטור־געביט ביי יידן. פּרץ מוז געמאָסטן ווערן מיט די קאָנסעקווענצן, וואָס זיין שאַפן האָט געהאַט פאַר דער גאַנצער געשטאַלטונג פון זיין דור און דעם דור, וואָס האָט אים נאָכגעפאָלגט, מיט די אויסווירקונגען פון די פּרץ־שטראַלן אויף דער יידישער יוגנט און אינטעליגענץ פון כמעט אַלע שיכטן.

אַזעלכע גייסטער ווי פּרץ ווערן קודם כל געמאָסטן מיטן עפּאָכע־מאַכנדיקן פון זייער וואָרט, מיט די מעשים, אין וועלכע זייער וואָרט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן. מיט דער באַגייסטערונג, וואָס זיי האָבן גע־טראָפן פאַר זייער דור און פאַר די נאָכפאָלגנדיקע דורות.

אין דער גאַנצער צווישנצייט, פון פּרצס טויט אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, ביז דעם טראַגישן סוף פון גאַנצן פוילישן יידנטום אין דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז דאָס בעסטע פון דער יידישער יוגנט, פון דער יידישער אינטעליגענץ געשטאַנען אונטער דער באַ־גייסטערנדיקער ווירקונג פון פּרצס אָפּגעטועגעם ווערק. פּרצס פּאָזי־טיוויזם איז אַריינגעדרונגען אין אַלע פאָרן פון לעבן, האָט אידעאַלי־זירט, רעוואָלוציאָניזירט און עלעקטריזירט אַ דור, ער האָט אָנגע־צונדן אַן עמוד אַש פון וועלכן די שפּעטערדיקע שרייבער און רעוואָ־לוציאָניזירער פון יידישן לעבן האָבן גענומען ליכט און פייער.

„חסידיש", „פאָלקסטימלעכע געשיכטן", איז נישט געווען סתם אַ ליטעראַרישער זשאַנר, נאָר אַ גאַנג צום פאָלק. פונקט ווי די ערשטע שעפער פון חסידות האָבן מיט זייער באַוועגונג זיך מכוון געווען אַריינצוציען דעם פּראָסטאַק צו עבודת הבורא, האָט זיך פּרץ מכוון געווען מיט זיינע מוסטערן פון סטיליזירטן חסידות צו געווינען נייע שיכטן פון פאָלק פאַר ניי־יידישקייט.

אין דעם ליגט פּרצס העכערקייט איבער אַלע יידיש־שרייבער פון זיין דור. און אין דעם ליגט דער סוד פון זיין השפּעה אויף זיינע איצטיקע לייענער.

# ביאַליקס וועג צום פאָלק

צוויי זענען זיי געווען, וואָס האָבן מער ווי אַלע צעפלאַמט די הערצער פון זייערע דורות מיט דער וויזיע פון באַפרייאונג, צוויי זער פאַרשידן פאָרמירטע ייִדישקייטן, אָבער טרוימער פון איין טרוים, זעער פון איין זעאונג: הערצל דער נביא־וויזיאָנער פון מערב; ביאַליק דער נביא־מוכיח פון מזרח.

געוואָרפן האָט הערצל די ווערטער „אויב איר ווילט, איז עס נישט קיין לעגענדע" און געקומען איז ער אַליין ווי אַ לעגענדע, און געברענגט האָט ער מיט זיך בלויז לעגענדע, די לעגענדע פון מלכות ישראל. ער האָט עס געוואָלט ברענגען ווי אַ גאָלדענעם שליסל אויף אַ גאָלדענער טאַץ. דווקא ער, דער דערצויגענער אויף דער געזעצטער, ראַציאָנעלער מערב־אייראָפּעאישער קולטור, ער, דער פּאָליטיקער און פּעליעטאָניסט פון דער גרויסער וועלט־פּרעסע, איז עס געווען דער, וואָס איז געווען בלויז חלום. און ווי אַ זעלכער האָט ער פאַרמאַכט די אויגן אויף פּרטים און עטאַפּן, אויף קליינע פּאַמעלעכע דערגרייכונגען. ער האָט אין חלום געזען אַ גרויסן ענדציל, און נאָר דער ענדציל איז אים אָנגעגאַנגען. דאָס ייִדישע לאַנד איז פאַר אים געווען עפּעס אַ פאַרכישופטער שלאָס, פון וועלכן דער שליסל ליגט ערגעץ באַהאַלטן, אַ מין ביבלישער גן־עדן, פאַר וועמענס טויערן עס גיפינט זיך נאָך די לעגענדאַרע „חרב המתהפכת", אָבער באַלד וועט מען געפינען דעם גאָלדענעם שליסל — דעם טשאַרטער פון די גרויס־מאַכטן — די טויערן וועלן זיך עפענען און דער פּרינץ וועט אַריין אין זיין שלאָס.

ביאַליק איז געקומען מיט די ווערטער: „דור אחרון לשיעבוד, דור ראשון לגאולה אנחנו" (מתי מדבר). דווקא ער, דער אומדערפאַ־

רענער ישיבה־בחור פון וואָלאָזשין, דער פלאַמיקער פּאָעט, דער־צויגן און פאָרמירט אויף ש״ס און פּוסקים, גמרא און קבלה, ער, דאָס קינד פון מזרח־יידישער אָרעמקייט, האָט געשטעלט דעם אַקצענט אויפן פאָלק פריער פאַרן לאַנד, אויף באַפרייאונג קודם כל פון אינע־וויניק, אויף דער גאולה נישט בלויז פון „גויאישע הענט״, נאָר נאָך פריער פון אייגענער געפאַלנקייט, פון נאַציאָנאַלער דעגענערירונג. ביאַליק ווי אחד העם האָבן געוווסט דעם סוד, אַז „אַ לאַנד אַ חרובס קען אויפגעבויט ווערן, אַ פאָלק אַ חרובס ווער וועט עס אויפבויען ?״

הערצל האָט געפלאַמט קעגן דער בושה פון רעכטלאָזיקייט, און האָט באַגייסטערט מיט וויזיע פון אַ לאַנד פאַר זיין פאָלק, ביאַליק האָט געפלאַמט קעגן דער בושה פון „התנוונות״, פון דעגענע־רירונג און באַגייסטערט מיט דעם אָנזאָג פון פאָלקס־באַנייאונג פאַרן לאַנד.

וויניק האָט ביאַליק געשריבן נאַטור־לידער. הגם זיין פּאָעטישע קראַפט איז דערצו געווען שטאַרק, ווי ער האָט עס באַוויזן אין די וויניקע, וואָס ער האָט יאָ געשריבן. ער האָט זיך נישט פאַרגינען אַזאַ לוקסוס. אָבער ווען ער האָט ביי זיך באַשלאָסן אַרויסצוגיין אין פעלד און „צו פאַרנעמען גאָטס וואָרט פון צווישן די זאַנגען״ (בשדה) דער־מאָנט ער זיך גלייך, אַז „נישט מיינע הענט האָבן די זאַנגען גע־פלעגט״. „כעני אעמוד לפני הוד הקמה״...

„ווי אַן אָרעמאַן שטיי איך פאַר דער פּראַכט פון ליכטיקן פעלד
און איך ווייס ערשט איצט ווי גרויס עס איז מיין פיין.
נישט מיינע הענט האָבן אייך געפלאַנצט און געפלעגט
נישט מיין קראַפט ליגט דאָ און נישט איך וועל זיי זאַמלען״.

מער מסתם ווי אַ סך רעדעס און אַרטיקלען פון ציוניסטישע עסקנים, האָבן די ווערטער פון דאָזיקן ליד געברענט אין אַ סך יונגע שטאָלצע הערצער און זיי געמאַכט פאַר חלוצים צו טריקענען זומפּן און פאַרזייען פעלדער. ביאַליק האָט געזונגען וועגן דעם געפיל פון בושה פאַר נישט זיין באַטייליקט אין די שיינקייטן פון דער נאַטור. דווקא ער, דער ישיבה־בחור איז געקומען מיט דער רעוואָלוציע פון מה נאה אילן זה. אַ מתחייב בנפשו איז נישט מער דער, וואָס איז

מפסיק פון לערנען צו באַוווּנדערן די נאַטור, נאָר דאָס פאָלק „ווע־מענס הענט האָבן נישט געפלעגט און נישט געזאַמלט די זאַנגען פון פעלד״.

אָבער נאָך אַלעמען זעט דער פאַרגלייך, אָדער די אַקעגנשטע־לונג ביאַליק־הערצל אויס, אויב נישט געקינצלט — איז צופעליק. אַן אַנדערער פאַרגלייך, אַן אַנדערע קעגנשטעלונג פון גלייכע מענטשן לויט דער גייסטיקער פאָרמאַציע, לויט דער דערציִאונג, לויטן דיכטערישן וועזן פון זייער נשמה און איינפלוס אויפן דור קומען אויפן זינען און ביטן זיך אַן אויף אַ מער דירעקטן אופן ווי יענער פאַרגלייך. איך מיין דער פאַרגלייך אָדער גיכער פּאַראַלעל ביאַליק־פּרץ. ביידע זענען זיי געקומען פון די טיפעניש פון פאָלק, ביידע אַריינגעוואַקסענע און אַריינגעוואָרצלטע אין באָדן פון פאָלקס־שטייגער און פאָלקס־מסורה, ביידע דער העכסטער אויסדרוק — הגם אין גאַנץ פאַרשידענע וואַריאַנטן — פון דער פאָלקס־נשמה, פון זיינע בענקשאַפטן און פון טיפן איבערברוך, וואָס איז אין אים אַריינגעקומען. ביידע האָבן זיי מתרעם געווען אויפן פאָלק (ווען כ׳זאָל פאַר גוים גויאיש זינגען — פּרץ; אכן חציר העם — ביאַליק) ווי מען איז זיך מתרעם נאָר אויף זיך אַליין, און ביידע האָבן זיי ליב געהאַט דאָס פאָלק ווי נאָר מ׳קען ליב האָבן עפּעס גאָר אייגנס און נאָענטעס.

פון ביידע האָט אַרויסגעפּראַלט דער צוימענברעכנדיקער עילוי, וועמען עס זענען ענג געוואָרן די אמות של הלכה (פּרץ איז „מאָניש״, ביאַליק אין „המתמיד״) און ביידע האָבן זיי געגאַרט צו אַן איבעראַנדערשונג. פאַרשידן זענען געווען די וועגן — פאַרשידן אפילו די שפּראַכן, וואָס זיי האָבן באַנוצט, אָבער גלייך גרויס איז געווען זייער צוצי־קראַפט פאַרן דור, פאַרשידענע מינים פון ייד־מענטש איז אונטער זייער השפּעה אַרויסגעקומען, אָבער פון דער השפּעה פון ביידע צוזאַמען האָט זיך אויסגעשמידט אַ באַוווסטזיין פון כח.

פּרץ האָט געצערטלט, געגלעט, ביאַליק האָט געשטראָפט, גע־האַמערט, ביידע האָבן אַרויסגעוועקט און אַרויסגערופן באַהאַלטענע, פאַרשלומערטע ענערגיעס.

פּרץ האָט געזען אַ חלום פון אַן אוניווערסאַלן, אייביקן ייד אַ

באַפרייטן און אומאָפּהענגיקן פון אָרט, פון צייט, פון אומשטענדן. אַ ייד מיט מידות פון „חסידישע״ און „פאָלקסטימלעכע געשיכטן״. אין ביאַליקן האָט פאַרקערט געברענט די גרויסע בושה פון זיין דער שטענדיקער קרבן פון אומשטענדן. „מתי מדבר״, „בעיר ההריגה״, „אכן חציר העם״ האָבן באַצוועקט אַרויסצורייסן דאָס פאָלק פון די אילוזיעס פון אוניווערסאַליזם.

פאָלקסטימלעכע באַגייסטערונג כאַראַקטעריזירט פּרצן, נאַציאָנאַלער שווונג איז כאַראַקטעריסטיש פאַר ביאַליקן און דאָך דאַרף מען נישט ציען קיין ווולגאַרע שייד־ליניעס און שאַפן פאַראייַנפאַכטע גרענעצן צווישן די צוויי גרויסע גייסטער פון דור. מער ווי איין מאָל, האָט פּרץ געלאָזט הערן אַנדערע שטים־וויבראַציעס, און ביאַליק פון זיין זייט האָט אין „המתמיד״ אין „על סוף בית המדרש״, אויך געלאָזט הערן צוויי פאַרשידענע שטימען. די שטימע פון בענקשאַפט צו יענער גרויסער גייסטיקייט פון פרישות אין יענער וווּנדערלעכן כח, צו דערשטיקן ליידנשאַפטן צוזאַמען מיט דער שטימע פון רעוואָלט קעגן דער פרישות.

עס איז זיך שווער פאַרצושטעלן אַ שייכות צווישן הערצלען און פּרצן, אָבער ער ווערט מעגלעך מיט ביאַליקן אַלס פאַרבינדונגס־שטריך. דאָס פאַרבינדן מיר זיי אַלע דריי, ווייל עס איז שווער צו טראַכטן וועגן אַ באַנייטער יידישער מדינה אָן הערצלען, וועגן אַ באַנייט יידיש פאָלק — אָן ביאַליקן וועגן אַ באַנייטן יידישן מענטש אָן פּרצן.

פאַרן אַלט־ניי פאָלק האָט הערצל אויסגעטרוימט אַלט־ניי לאַנד, ביאַליק אַלט־ניי שפּראַך. פּרץ — אַלט־ניי ייד. עס איז געווען ביאַליק דער ערשטער, וועמען עס איז געווען באַשערט דורכצופירן די פול־שטענדיקע באַנייאונג פון דער העברעאישער דיכטונג און צוריקגעבן דער שפּראַך די לעבעדיקע קראַפט און זאַפט פון שנים קדמוניות.

דאָס וווּנדער איז, וואָס ביאַליק קומט נישט ווי אַ רעזולטאַט פון אַ נאַטירלעכער לאַנגער אַנטוויקלונג פון שפּראַך־באַנייאונג, נאָר ווי אַן איבערברעכער, ווי אַ גייסטיקער ריז און גאון וועמען זיין שעפערישע אינטואיציע גיט כוח איבערצורייסן מיט פאַרקריפּלטקייט פון פאָרם און אויסגעהוילטן אינהאַלט. ער צעעפנט ברייט אַלע טירן און טויערן פון אָנגעזאַמלטן שפּראַך־אוצר. ער שעפט פון תנ״ך און פון משנה, פון

תלמוד און פון מדרש. מיט מייסטערשאַפט און עלאַסטישקייט, מיט נאונות און פּאָעטישן שווונג ווערט ער אַליין די סינטעזע פון אַלע נוסחאות און אַלע פאַרמען, די קריסטאַליזירונג פון פאָלקס־זשעני. ער מאַכט קיינעם נישט נאָך, ער פאַלט נישט אַריין אין קיין שום אימיטאַ־ציעס צו וואָס דער פון דורות אויסגעשפּרייטער נעץ פון אַלע מינים סטילן פון העברעאישן שאַפן, האָט געקענט אַזוי שטאַרק לאָקן און רייצן. ביאַליק ווערט אַליין דער ים אין וועלכן אַלע פלוסן און אַלע שטראָמען פון דורות פאַלן אַריין, גיסן זיך צונויף צו ווערן עפּעס גאָר נייעס, אָנהאַלטנדיק דערביי אַלע פּנימער פון אַלטן.

ערשט מיטן דערשיינען פון ביאַליקן באַקומט די העברעאישע פּאָעזיע, די מעגלעכקייטן צו ווערן פּערזענלעך, נשמהדיק און צו־גלייך נאַציאָנאַל און פאָלקסטימלעך.

פּונקט ווי זאָגנדיק אַ קאַפּיטל תהילים ווייס מען נישט ווי עס ענדיקט זיך דאָס באַוויינען פּערזענלעכע יסורים און ווו עס הייבט זיך אָן דאָס באַקלאָגן די ליידן פון פאָלק, אַזוי קאָן מען נישט אונ־טערשיידן ביי ביאַליקן צווישן זיין פּערזענלעכן „איך" און דעם נאַציאָנאַלן. ווען ער רופט אויס „שמים בקשו רחמים עלי" ווייס מען נישט צי אויף אים אָדער זיין פאָלק, אָדער ריכטיקער מען ווייס, אַז ער, דער דיכטער פּונקט ווי זיין פאָלק ברויכן רחמים.

ביאַליק איז מער נאַציאָנאַל ווי פאָלקסטימלעך, אָבער דער זין פאַר פאָלקסטימלעכקייט פעלט אים נישט, אינאיינעם מיט די ווונ־דערלעכע הויך־נאַציאָנאַל־טענער פון שטורעם־ און שטראָף־לידער, ווי „על השחיטה", „בעיר ההרגה", „מתי מדבר האחרונים" און „אָכן חציר העם", אינאיינעם מיט די גרויסע פאָלקס־בענקשאַפט־געזאַנגען ווי „המתמיד", „על סף בית המדרש"; אינאיינעם מיט די פּערזענ־לעך־לירישע דיכטונגען, ווי „שירתי", „אם יש את נפשך לדעת", „הכניסיני תחת כנפיך" און אַנדערע, האָט ער געשאַפן איבערגעדיכטעט און איבערגעזעצט פון יידיש אַ סך פאָלקס־לידער, אין וועלכע דער גרויסער פּאָעט ווייזט אַרויס אַזוי פיל זין פאַר פאָלקסטימלעכקייט, וויפל חן, לייכטקייט און שפּילעוודיקייט פון שפּראַך: „תאמר אהיה רב" (זאָל איך זיין אַ רב), „יש לי גן" (איך האָב אַ ברונעם אין מיין סאָד); „יעקב ועשו" (גייט אַ גוי אין שענקל אַריין) און אַנדערע.

ביאַליק איז געווען אַ הארבער שטראָפער. ער איז געקומען צו

זיין פאָלק מיט האַרטע רייד און ס'לעבן האָט באַרעכטיקט ביאַליקס מידת הדין. וואָלט אָבער דער גרעסטער העברעאישער נאַציאָנאַלער דיכטער פון אַלע צייטן אויך היינט נאָכן גרויסן חורבן אַרויסגעקומען מיט אַזעלכע האַרבע שטראָף־רייד, ווי:

חלליכם חללי חינם, וגם אני וגם אתם לא
ידענו למה מתם ועל מי ועל מה מתם
ואין טעם למותכם, כמו אין טעם לחייכם.

מיר זענען זיכער, אַז ער וואָלט איצט געקומען מיטן שטאַרקן טרייסט־וואָרט, און אַז דווקא ער וואָלט געזאָגט צוזאַמען מיט אונדז, אַז די געפאַלענע זענען נישט געפאַלן בחינם, און אַז עס איז דאָ אַ טעם פאַר זייער טויט, ווי עס איז געווען אַ טעם פאַר זייער לעבן.

# אברהם רייזען

פון די 77 יאָר פון זיין לעבן, האָט אברהם רייזען 62 מקדיש געווען דער יידישער ליטעראַטור, ווי אַ כהן עליון האָט ער זי מיט הייליקייט און טריישאַפט באַדינט און ביז צום סוף פון זיין לעבן, איר אָפּגעהיטן זיין ליבע.

ער איז געקומען, ווען די יידישע ליטעראַטור איז נאָך געווען יונג און פריש, און אָקאָרשט געהאַט פאַרענדיקט דעם ווונדערלעכן קפיצת הדרך פון נוסח טייטש־חומש, מעשה־ביכל און שבחי בעש״ט צו די נוסחאות פון מענדעלע, שלום עליכם און פּרץ.

דערצויגן איז רייזען געוואָרן אין אַ שטוב אַ משכילישער, ווו וועלטלעכע ליטעראַטור איז געווען אַ היימישער ענין. דער קליינער אברהם וואַקסט אין דער אַטמאָספער פון פאַרערונג צום בוך. ער אַליין שלינגט ביכער און ביכלעך, ביכער פון דער וועלט־ליטעראַטור און מעשה־ביכלעך אויף יידיש. צווישן די ביכלעך, וואָס דער דרדקי־מלמד ברענגט פון דער קרייז־שטאָט, הויבט אָן אָנקומען אַ נייער מין פון מעשות פון ש. י. אַבראַמאָוויטש־מענדעלע און שלום עליכם. אין די נייע ביכלעך רעדט זיך פון גאָר נאָענטע זאַכן און פון גאָר נאָענטע מענטשן.ביים קליינעם רייזען עפענען זיך די אויגן אויפן אַרום, לאָזט ער שטיין די בן־מלכס און די בת־מלכהס פון די ביכלעך און הויבט אָן זיך צוקוקן צו די מענטשן פון שטעטל, צום דרדקי־מלמד, צום פּרוש, צום בטלן, צום לערער, צום אָרעמען הענדלער, צום קבצנישן בעל־מלאכה. ער אַנטדעקט אַ פאַר־אָרעמט און פאַרחושכט לעבן, אָבער נאָך עפעס אַנדערש אויך: די נשמה, וואָס באַהויכט די דאָזיקע אָרעמקייט. דער קליינער אברהם, ביי וועמען דאָס אָדערל פון אַ שרייבער הויבט פרי אָן צו קלאַפּן,

וועט ווערן דער באַזינגער און דערציילער פון אָט די אַלע ערלעכע בעלי־מלאכהס, פון זייערע שמחות און דאגות, פון זייערע מידות און מינהגים, פון זייערע יום־טובים און וואָכנטעג, פון זייער צוגעבונדנ־קייט צום בית־מדרשל, צום וואָרט פון מגיד, צו דער מעשה און משל, פון מדרש און פון עין־יעקב.

אין וועלכער שפּראַך וועט ער עס טאָן? אין דער שפּראַך, אין וועלכער זיין טאַטע דער משכיל שרייבט שירים און האָט אין איר פֿאַרפֿאַסט אַ ביכל לידער א. ב. „יונה הומיה״, אין דער שפּראַך פון דעם אָנגעזעענעם העברעאישן שריפטשטעלער יכנה״ז, דער לערער פון שטעטל און פריינד פון זיין פֿאָטער, אָדער אין דער שפּראַך פון זיינע קוידאַנאָווער יידן? פֿאַר רייזענען שטעלט זיך אינגאַנצן נישט די פֿראַגע. די דריי קלאַסיקער האָבן שוין אַלע ספקות אויסגעטראָגן, אַחוץ דעם גרייט זיך רייזען (הגם ער ווייס נישט דערפון) צו ווערן דער זינגער און דערציילער פון גאַנץ פּשוטע זאַכן און פון זייער פּשוטע מענטשן. ער שפּיצט אָן זיינע אויערן צו פֿאַרנעמען די יללות פון די בייזע ווינטן, די קולות פון דעם קלאַפּנדיקן העמערל, דאָס אומהיימלעכע קלינגען פון די גלאָקן, דאָס איינטעניקע קלאַפּן פון דעם זייגער. ער וועט פרעגן דעם אומפֿאַרענטפֿערטן תיקודיקן „מאי קא משמע לן״. אויף וועלכן לשון וועט ער דאָס הערן און פרעגן, אויב נישט אויפן לשון פון דעם נייעם נוסח מעשה־ביכל, אויפן לשון פון טונעיאַדעווקער, מאַזעפּעווקער און קוידאַנאָווער עמך?

פֿאַר דעם, וואָס האָט אין פֿאַרלויף פון איבער זעקס יאָרצענדלי־קער געדאַרפֿט זיין דער שליח־ציבור פון פֿאָלק, דער באַזינגער פון אַן עם עני ואבון, דער אויסבייטער פון אַ גרוי לעבן אויף פֿאַרביקע פּרטים־עפּיזאָדן — לאָזנדיק דערביי פֿאַר יעדן פּרט־עפּיזאָד זיין חלק נשמה — איז דאָס נאַטירלעכסטע עס צו טון אין לשון פון יידישער טאָג־טעגלעכקייט.

מיט דער זעלביקער נאַטירלעכקייט, מיט וועלכער דער יונגער זון פון העברעאישן פּאָעט ווילט אויס יידיש ווי די שפּראַך פון זיין שאַפֿן, מיט איבער 60 יאָר צוריק, קלייבט ער אויך אויס זיינע טעמעס, ער קלייבט זיי איבערהויפּט נישט אויס, זיי באַפֿאַלן אים. גאָטס האַנט איז דאָך אומעטום דאָ, אין שטאָט, אין וואַלד, אין שטעטל, אין דאָרף, אין גאַס, אינעם טראַמוויי, ביים פריינד אין שטוב. אומעטום שיינט

די זון, אומעטום שפּילן זיך קינדער, אומעטום עפנט זיך אַ האַרץ פון אַ מענטשן, פאַר אַ האַרץ פון אַ צווייטן, אָדער עס שליסט זיך אַ האַרץ פאַר זיין מיטמענטש; אומעטום איז דאָ פרייד און אומעטום איז דאָ צער.

איך וועל אייך נישט נאַרן מיט פרייד
איך וועל אייך נישט שרעקן מיט צער
נאָר אַלץ וואָס דאָס לעבן האָט גרייט
וועל איך ברענגען ווי חבר און האַר.

אין שטובן וואַרטן קינדער פאַרבענקטע צו מאַמעס, ביי דער אַרבעט, אין די גאַסן, אויף די טראָטואַרן אַן ענגשאַפט און געדריק.

פון דער אַרבעט אַלע ציען
אין די מענגע — ציט;
גיי איך אין די ענגע רייען
מיט אייך אַלע — מיט...

אין טראַמווייען פאָרן יונגע מענטשן, „פאָרן זיי און שווייגן, ביז זיי מוזן אָפּשטיין“, אין דער שפּעטער שעה, ווען קיינער איז שוין נישטאָ, קלינגט דער טעלעפאָן, אַ שטימע פון אַ מענטש אומגעריכט. אין גאַס וואַנדערט אַן איינזאַמער, ווען די גאַסן זענען פול מיט מענטשן און מיט רעש.

אין אַלעם איז דאָ מענטש און מענטשלעכע נאַטור. אַלץ איז ווערט באַזונגען צו ווערן און אין אַלץ איז דאָ פּאָעזיע.

און וואָס דו זינגסט אַליין און זאָגסט
זאָל קלינגען זייער פרייד און וויי
פון אַלע לאַסטן, וואָס דו טראָגסט,
זאָל ליב דיר זיין, די לאַסט פון זיי.

און טייערער פון אַלץ איז אים זיין אינסטרומענט — דאָס

יידישע ליד — מיט וועלכן ער דריקט אויס זיינע יידיש־מענטש־לעכע געפילן.

און די, וואָס ציען מיט
אין אַלע לענדער אונדזער ליד,
אין טענער פריילעכע צי באַנגע,
אין שורות קורצע אָדער לאַנגע,
אין נייעם אָדער אַלטן פורעם,
פון זון, פון רעגן צי פון שטורעם
צי פון יום־טובים, צי פון וואָך,
פון גרינגען לעבן, צי פון יאָך
צי ניי — פון שטאָט, פון אייזן, שטאָל,
צי אַלט — פון שטעטל באַרג און טאָל,
צי פון אַ כלה שיין און איידל,
צי פון אַן אָרעם, זינדיק מיידל.
צי פון אַ קינד, צי פון פאַרגעבן,
פון אַלטן, צי פון נייעם לעבן, —
קיין אונטערשיד,
אַבי מען זינגט,
אַבי עס קלינגט
אין יעדן לאַנד
אַ יידיש ליד.

אַזוי ווי אַלץ איז ווערט באַזונגען צו ווערן, אַזוי איז אַלץ ווערט דערציילט צו ווערן. די קליינקייט ווי די גרויסקייט ליגט נישט אין די פאַקטן, נאָר אין דעם צוגאַנג צו זיי און אין זייער פראָפּאָרץ צום געגעבענעם לעבן. אַ „דראַמע איבער 5 קאַרטאָפּליעס" קען אין זיך פאַרמאָגן אַלע עלעמענטן פון טראַגיזם, אויב מען ווייס נאָר ווי אַזוי צוצוגעבן צום וואָרט און צו דעם פאַקט זיין סימבאָלישן ווערט; און אַלע ווערטער און אַלע פאַקטן טראָגן אין זיך סימבאָלישע ווערטן. רייזען, דער דיכטער פון דעם קליינעם לידה, ווערט אויך דער שאַפער פון דער קליינער בצימצומדיקער דערציילונג. פון דער דערציילונג, וואָס איז אַזוי קאָנדענסירט, ווי דאָס פאָלקס־ווערטל, אַזוי

פשוט, ווי אַ פאָלקס־ווערטל, אַזוי משלדיק און פול מיט דערפאַרונג און נסיונות ווי דאָס פאָלקס־ווערטל.

אין דעם זינען איז רייזען אַ פאָלקס־שרייבער, דער זינגער און דערציילער פון די נויטן פון פאָלק אין אַלע זיינע פרטים און וואַריאַנטן.

אייגנטלעך איז די גאַנצע יידישע ליטעראַטור אַ הומאַניסטיש־פאָלקסטימלעכע. שוין איר אויפקום אין יידיש האָט באַשטימט איר כאַראַקטער. אָבער אין דער צייט, וואָס די קלאַסיקער האָבן ערשט געמוזט דערגיין צום פאָלק, איז אברהם רייזען געקומען פון פאָלק. געקומען ווי אַ בן־בית. דער פאָלקס־כאַראַקטער פון דער יידישער ליטעראַטור האָט דאָס געמאַכט, אַז דער אביון, דער אָרעמאַן, דער ספּעציפיש יידיש־שטעטלדיקער דלות, זאָל ווערן איר הויפּט־טעמע.

דער גביר האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין מערכה אין דער יידישער ליטעראַטור, אָבער דעם אָרעמאַן אין זיבן פאָלעס האָט מען נאָך נישט געוואָגט צו מאַכן ליטעראַטור־פעאיק. מענדעלע האָט דעם נגיד־תקיף געשמיסן מיט אַלע בייטשן פון זיין סאַרקאַזם. אָבער קיין ליבע צום תקיפס קרבן, דעם אביון, האָט ער נישט אַרויסגעוויזן. שלום עליכם האָט פאַרדעקט דעם דלות מיט אַ פריילעכן „הוליע קבצן". ער האָט אים פאַרזיסט דאָס לעבן מיט אַ פסוק אין מויל אָדער מיטן חלום פון גבירישקייט. פרץ האָט איבערגעשטעלט די ווערטן, ער האָט באַרייכערט די נשמה און מבטל געווען דעם גוף. בלויז אין רייזען האָט דעם קבצן אַזוי ווי ער גייט און שטייט אַריינגעפירט אין דער ליטעראַטור, און נישט בלויז דער שפּלדיקער מענטש ווערט אַן ענין, דאָס ווערן אויך אַלע שפּלדיקע געשעענישן, אַלע קליינע עפּיזאָדן. רייזען האָט זיינע זכרונות אָנגערופן „עפּיזאָדן פון מיין לעבן". אין דער אמתן זענען אַלע זיינע דערציילונגען עפּיזאָדן פון לעבנס, קליינע פּיטשעדיקע פּרטימלעך, וואָס באַהאַפטענע איינער צום אַנדערן, ווערן זיי — לעבן און שטייגער פון אַ פאָלק.

קריטיקער־לצנים האָבן מיט דער כוונה צו מאַכן רייזענען צו קליינגעלט זיך אַמאָל אויסגעדריקט, אַז אַלע רייזענשע פּראָבלעמען קאָנען פאַרענטפערט ווערן מיט אַ מטבע. דער אָרעמאַן האָט נישט

קיין בעט און קיין טיש, וועט מען אים קויפן אַ טיש מיט אַ בעט. ער האָט אַן ענגע שטוב? וועט מען צובויען נאָך אַ הילצערן ווענטל. אַוודאי קאָן מען זיך פאָרשטעלן, אַז איין געלונגענע רעוואָלוציע אָדער אַ טעכנישע עוואָלוציע זאָל די מאַטעריעלע זייט פון די אַלע פּראָבלעמען פאַרענטפערן. אָבער דער רייזענשער רחמים וועט נישט ווייניקער בויטיק זיין און וועט מיט קיין מטבע נישט קענען פאַרביטן ווערן. ער האָט פאַר דעם מענטשלעכן און יידישן דלות געפונען אַ שפע פון וואַריאַנטן. נאָך קיינמאָל האָט זיכער דער דלות נישט זוכה געווען צו אַזאַ „רייכער" אויסשטאַטונג, די קאָלירלאָזע קבצנות, צו אַזאַ פאַרבנרייכקייט ווי ביי רייזענען. די אַלע עפּיזאָדן קענען זיך גאַנץ גוט איבערחזרן ביי געענדערטע אומשטענדן, ענדערנדיק זייער אויסערלעכע פאָרעם. דאָ ליגט טאָקע דער קינסט־לערישער ווערט פון רייזענס דערציילונגען, וואָס זיי קענען דער־הויבן ווערן צו סימבאָלן, און אָפילו צו אוניווערסאַלע סימבאָלן, און דערמיט בלייבן גילטיק אויך ביי געענדערטע תנאים. עס גייט אין דער מענטשלעכער נאַטור, וואָס ער האָט דערזען, און זי די מענטשלעכער נאַטור, ווייסט זיך צוצופּאַסן צו אַלע אומשטענדן. זי זאָרגט שוין, אַז באַעוולהטע, פאַרשטויסענע און שוואַכפּויסטיקע זאָלן נישט פעלן.

רייזען האָט קיינמאָל נישט געלייגט דעם אַקצענט אויף דער רשעות פונעם תקיף, נאָר אויף דער עוולה פון אָרעמאַן. אויב ער שיל־דערט אַמאָל דעם אויסנוצער איז עס ווי אַ נויטיקער קינסט־לערישער קאָנטראַסט. זיין גאַנצן אינטערעס, זיין גאַנצע ליבע, זיין רחמים, גיט ער אַוועק דעם מפונק אין מיטלען, דער שעמעוודיקער שלימזלדיקייט דעם, וואָס קען זיך קיין עצה נישט געבן. און פּרוווט ער אַמאָל געבן אַ טיפּ פון אַן אָרעמאַן, וואָס „געגאַרט" דעם נגיד, (דער פּלאַקסהענדלער), גיט ער איבער זיין האַרצקלאַפּעניש, זיינע געוויסן־קאָנפליקטן און די סיבות. ווייל צוליב וואָס מיינט איר טוט עס דער אָרעמער פּלאַקסהענדלער? כדי צו קאָנען באַזאָלן שכר לימוד פאַר זיין קינד דעם אָרעמען מלמד.

פאַראַן דערציילונגען ביי רייזענען, וואָס מיט זייער יידישן חן און מענטשלעכן געפיל איז זיי געזיכערט לכל הפחות אַזויפיל אריכות ימים וויפל צייט זיי וועלן נאָך טעמאַטיש פאַרשטאַנען ווערן. און

**דאָס מיינט דאָך — דעם אומבאַגרענעצטן דויער פון דער יידישער ליטעראַטור.**

פון אַ סך אַזעלכע וויל איך אַרויסכאַפּן בלויז צוויי: „עיבור" און „אַ גרויסע סוכה".

אין „עיבור" פירן צוויי יידענעס אַ שמועס, צוויי שכנטעס, פאַרשיידענע לויט זייערע באַדינגונגען, לויט כאַראַקטער, טעמפּעראַמענט און הומאָר. זיי שמועסן מכוח דעם עיבור־יאָר, וואָס פאַלט אין דעם יאָר אויס. פאַר איינער איז עס אַ געוואַלדיקער גליק. זי קען נישט געניג אָפּדאַנקען און אָפּלויבן דעם רבונו של עולם פאַרן חסד פון צוטיילן איר און דעם יידישן פאָלק אַן איבעריקן חודש, וואָס ציילט זיך נישט צווישן די חדשים פון יאָר. אַ קלייניקייט געפונען אַ שטיק לעבן! די אַנדערע יידענע זעט נישט די מציאה. זי ווייס נישט פאַרוואָס זי זאָל דאַנקען דעם בורא עולם פאַרן חסד פאַרשוואַרצט צו ווערן נאָך אַ חודש אין יאָר. זי פאַרשעלט זיך און פאַרשעלט דעם איבעריקן חודש, אַ צוגאָב פון מוטשעניש.

אין „אַ גרויסער סוכה" גיט רייזען אַ בילד פון אַ ייד, אַן עני ואביון, אַ מטופל מיט קינדער אין איין קליין שטיבל, אָבער נישט זיין דלות פאַרשאַפט אים די גרעסטע דאגה, נאָר דאָס, וואָס ער קען נישט אויפנעמען מיט כיבוד די משפחה אין לויף פון גאַנצן יאָר. אַלע שבתים און יום־טובים גייט ער מיט זיינע בני־בית צו גאַסט צו משפחה, אָבער אַליין קען ער זיי נישט פאַרבעטן צוליב דוחק אין פלאַץ. דערפאַר אָבער סוכות איז גאָר עפּעס אַנדערש: אַ גרויסן הויף האָט ער, אַ פלויט פון אַ גאָרטן אויך, אַ וואַנט פון אַ צווייט הויז איז אויך פאַראַן, שאַפט זיך דער ייד אַ פּאָר ברעטער, אַ פּאָר אַלטע טירן, אַ פּאָר צעבראָכענע פענצטער און „בויט" אויף אַ גרויסע סוכה. ער נעמט אויף געסט, ער איז מכבד, מען מאַכט אים קאָמפּלימענטן מיט דער רחבות פון דער סוכה: „אָ וואַ אַזאַ גרויסע סוכה"! איינמאָל אין יאָר איז די אַמביציע פון אָרעמאַן צו זיין מיט לייטן גלייך באַפרידיקט.

וויפיל רירנדיקע מענטשלעכקייט אין דער דאָזיקער פשוטער דערציילונג!

עס כאַפּן זיך איצט קריטיקער, אַז מען האָט צו ווייניק אָפּגעשאַצט רייזענען. איבעריקע סקרופּולן! ס'פאָלק האָט אים אָפּגעשאַצט

און ליב געהאַט. נישט איין יידישער שרייבער קען אים צוליב דעם מקנא זיין. דאָס פאָלק האָט געפילט, אַז רייזען האָט אים נישט פאַר־ראַטן אַפילו אין קלענסטן ברוכטייל פון אַ מינוט און נישט אין שמץ פון אַ מחשבה. קיינמאָל איז ער מיט קיין טענות און תרעומות נישט געקומען און קיינמאָל האָט אים דאָס פאָלק נישט באַדאַרפט אַ רעשט צאָלן.

אַלע אויף יידיש געשריבענע ווערטער האָט ער נאָכגעפאָלגט מיט זאָרג און איבערגעבנקייט, באַלד ווי איך האָב געהאַט פאַר־עפנטלעכט מיינע ערשטע אַרבעטן — זענען די ערשטע אָפּקלאַנ־גען און קאָמפּלימענטן — דירעקט און אומדירעקט — געקומען פון אַלטן רייזען, אַ גערירטער און זשענירטער האָב איך עס דערציילט אַ קאָלעגע. יענער האָט מיך געעצהט זיך נישט איבערצונעמען: „רייזען מאַכט אַלעמען קאָמפּלימענטן". האָב איך זיך טאַקע מער נישט איבערגענומען מיט די קאָמפּלימענטן נאָר מיט רייזענען, וועלכער „מאַכט אַלעמען קאָמפּלימענטן". צו מאַכן אַלעמען קאָמפּלימענטן מוז מען זיך פילן ווי דער פאָטער און באַשיצער פון דער ליטעראַטור און מען מוז זיין איבערצייגט, אַזוי ווי רייזען, אין די רעכט, וואָס מען האָט זיך ווי אַ זעלכער צו פילן.

נישט יעדער שרייבער אַפילו פון די גאָר גרויסע קען זיך דערצו פילן באַרעכטיקט, רייזען יאָ.

# י. מ. ווייסענבערג

מיטן פלוצימדיקן איבעררייס פון אַן אינטענסיוו יידיש לעבן אין צענטראַל־ און מזרח־איראָפּע, זענען נישט בלויז אַוועקגע־קומען די גייסטיקע מנהיגים פון איין דור, נאָר עפּעס דוכט זיך, אַז אַלע גרויסע גייסטער, גאונים, חכמים, דיכטער און קינסטלער פון די נאָענטע און אַפילו ווייטערע דורות, וואָס האָבן געשטאַלטיקט דאָס דאָזיקע יידנטום פון פּוילן, רייסן און ליטע, זענען מיטן גרויסן חורבן נאָכאַמאָל מיטגעשטאָרבן.

עס דאַרף איצט גאַנץ ציל־באַוווסטזיניק אונטערגענומען ווערן אַ גרויסע אינטענסיווע ליטעראַרישע אַרבעט אויפן געביט פון מאָ־נאָגראַפיעס צו פאַרפיקסירן די געשטאַלטן פון די נאָענטע און ווייטע, וואַרשוווּנדענע גייסטיקע מנהיגים פון פאָלק, כל־זמן עס לעבן נאָך די רעשטלעך פון אַ דור, וואָס האָט אין זיינע טיפענישן געזאַמלט און געטראָגן דאָס ליכט פון דורות.

צו די געשטאַלטן, וואָס האָבן באַרייכערט און ניואַנסירט די יונגע, אין אַ געוויסער מאָס נאָך דעמאָלט איינטאָניקע יידישע ליטעראַטור צו די, וואָס האָבן מיט זייער עכטקייט און אייגנאַרטי־קייט פון טאַלאַנט, מיט דער אָריגינעלקייט פון זייערע טעמעס, מיט דער טיפקייט פון זייער פילן, פאַרדינט אַריינגעקומען צו ווערן אין אונדזער נאַציאָנאַלן פּאַנטעאָן, געהערט זיכער דער גרויסער נאָוועַ־ליסט י. מ. ווייסענבערג, וואָס הגם ער איז נישט געשטאָרבן מיטן קידוש השם טויט פון זיין דור, האָט ער געלעבט אַ קידוש השם לעבן ווי וויניק פון זיינע חברים שרייבער.

*

י. מ. ווייסענבערג איז נישט געקומען מיט קיין באַגאַזש פון יידישן און וועלטלעכן וויסן. די בשורה פון אַ ניי דערוואַכטער פאָלקס־ליטע־ראַטור האָט אים מיטגעברענגט. ער איז געווען דער אינסטינקטיווער קינסטלער פאַר עקסעלאַנס. ער האָט געשעפּט פון זיינע אייגענע אינטימע מקורות אויפן נאַטירלעכסטן אופן, צו נאַטירלעך, אפשר פאַר דער קונסט, וואָס פאָדערט אויך „קונץ״, וואָס מוז אין זיך אַלעמאָל האָבן אויך קינסטלעכע עלעמענטן. ווייסענבערג האָט דאָס נישט געקענט און נישט אָנערקענט פאַר אַנדערע.

ער האָט געחלומט דעם חלום פון „ריינעם אמת״ אין דער ליטע־ראַטור און אין לעבן. און ווי אַלע אומבויגזאַמע אמת־זוכער גרייט געווען צו קעמפן פאַר אים — פאַרן אמת — מיט אַלע מיטלען, אַפילו מיטן שקר.

*

קינסטלעריש איז י. מ. ווייסענבערג נישט געגאַנגען מיטן ברייטן שליאַך פון אונדזערע קלאַסיקער און נאָכקלאַסיקער. ער האָט זיין טעמאַטיק נישט געשעפּט — יעדנפאַלס דאַרט, ווו ער איז באמת קינסטלעריש גרויס — ווי כמעט אַלע יידישע שרייבערס, דוד בער־געלסאָן און י. אָפּאַטאָשו אַריינגערעכנט, פון „מיטלפּונקט״ פון יידישן לעבן, פון צענטער, ווו עס קומען זיך צונויף אַלע פעדים, אַפילו די פעדים פון די „מאַטקע גנבס״, פון „קיילער־געסל״ און פון די „פערד־גנבים״. ער האָט זיינע טיפּן גענומען פון עקסצענטער, פון דער זייט, ווו עס געפינען זיך די איזאָלירטע, וואָס צוליב זייער פאַרגרעבטקייט — „אַ טאַטע מיט בנים״ — אָדער פון סאָציאַלער שפלות — קריינ־דעלע — געפינען זיי זיך נישט אויפן ברייטן שליאַך פון לעבן.

דאָס האָט אגב געהערט צו זיינע אינסטינקטיווע מיטלען צו באַקעמפן דעם שקר אין דער ליטעראַטור, אַ מין אַנטי־רבי שלומה נגיד־ליטעראַטור, זיין העכסטע אַקעגנשטעלונג „דעם ראָמאַנטישן שקר״ זענען „אַ שטעטל״, „אַ משוגענע אין דאָרף״, „קריינדעלע״. מיר האָבן צו זיין מלחמה קעגן „שקר״ אין דער ליטעראַטור, נישט אַלעמאָל צוגעלייגט. עטלעכע שעדעוורן ווי „קריינדעלע״ זענען דער־פון געבוירן געוואָרן. זיי האָבן פאַר אונדז אַנטפּלעקט אַן אומגעריכט ווינקעלע אין יידישן, אין קדושה געהילטן לעבן, פון פאַרברעכן, דע־גענעראַציע און מאַכט פון רויע אינסטינקטן אַ ווינקעלע, וואָס מיר האָבן

געמעגט קענען, הגם ער גיט אונדז נישט צו קיין כבוד. אַזוי ווי אין דער ליטעראַטור אינסטינקטיוו, אַזוי האָט ער אין לעבן דעם „שקר״ פון די „פּאָליטיקער״ און ״שווינדלער„ אָקעגנגעשטעלט אַסקעטיזם און הסתפּקות במועט און דאָס נישט אויפגעפירט צו פאָדערן פון אַנדערע.

ער האָט אָבער זיין טעמאַטיק נישט געקענט אויסברייטערן. זיינע מקורות זענען פאַרשטאָפּט געוואָרן. יעדע לויפעריי נאָך סתם טע־מאַטיק, געבויט אויף ערודיציע, אויף עקסקורסיעס אין דער גע־שיכטע, האָט ער געהאַלטן פאַר קינצענמאַכעריי און עס פאַראַכטעט.

עס איז געשעען מיט אים דאָס גרעסטע אומגליק, וואָס קען טרעפן אַ קינסטלער, צו ווערן אומפּראָדוקטיוו און אימפּאָטענט.

פון אימפּאָטענץ צו פאַרביטערקייט, פון פאַרביטערקייט צו נאָך גרעסערער אָנמאַכט, איז ער אַריין אין אַ כישוף־קרייז, פון וועלכן עס איז אים, אַ כאַראַקטער פון אַ האַרטנעקיקן, געוואָרן אוממעגלעך זיך אַרויסצודרייען.

פון די יידישע שרייבערס האָט כמעט קיינער אים נישט אַרויס־געוויזן דעם געהעריקן גרויסמוט, די פּסיכאָלאָגישע „איינזעעניש״ פאַר דער ווייסענבערג־טראַגעדיע און נישט געוואָלט נעמען אין באַ־טראַכט די מאַטערגישן פון אַ פילנדיקער נשמה.

אַ שנאה־נעץ פון פאַרשווייגן און רעקאָמענדירטער גלייכגילטי־קייט האָט זיך אויסגעשפּרייט אַרום דאָזיקן צאַרט־נשמהדיקן מענטשן, וואָס האָט אים צעבראָכן דאָס לעבן.

ער האָט געזוכט כוהנים, וואָס זאָלן ראוי זיין צו דער עבודה פון שריפטשטעלער, אָלעמאָל אַנטדעקט נייע וווּנדער־קינדער, זיי גע־צערטלט און מיט יענעם געוויסן דעספּאָטיזם, וואָס איז אייגן אַלע אַסקעטן, זיי געהאַלטן צוגעשמידט צו זיך. אָבער אַלעמאָל זענען אים אויפגעלייגט געווען נייע אַנטוישונגען, ווייל ווי נאָר די „וו*נ־דער־קינדער״ האָבן געוווּנען אַביסל פּאָפּולאַריטעט, האָבן זיי אים „פאַראַטן״, אַוועק זוכן דערפאָלג אין דער גרויסער, „פיינטלעכער״ וועלט און י. מ. ווייסענבערג איז ווידער געבליבן אַליין...

ער איז פאַרשריגן געוואָרן פאַר אַן עם־האַרץ און בעל־קנאה, ער איז נישט געווען דאָס ערשטע — און נישט — דאָס צווייטע. ווי קאָן אַ מענטש, וואָס באַוועגט זיך בלויז אין דער וועלט פון געפילן,

זיין אַן עם־הארץ? ווי קען אַ מענטש מיט אַזאַ סטאַאישער לעבנס־פילאָזאָפיע זיין אַ בעל־קנאה? אַלע טיף־מענטשלעכע קוואַלן פון געדאַנק און געפיל זענען געווען פאַר אים אָפן. בלויז אין זיין גרויסער פרימיטיווקייט האָט ער זיך פאַרגעשטעלט, אַז ער, י. מ. ווייסענבערג, מוז אַלץ „איבערדענקען“ פון אָנהויב אָן, פון בראשית און אַרויסגעזאָגט „פילאָזאָפיעס“, וועלכע זענען זיכער שוין אַלזייטיקער און טיפער באַהאַנדלט געוואָרן. אָבער וועלכע ער איז דערגאַנגען פון זיך אַליין. מאַנכמאָל האָט ער אַרויסגעזאָגט דערשטוינענדיקע געדאַנקען; און אפשר האָט ער געקאָנט אויף זיך זאָגן די ווערטער, מיט וועלכע דער „קאָצקער“ האָט געענטפערט אַ רב, וועלכער האָט אים אַמאָל געזאָגט נאָך אַ וואָרט „תורה“:

„רבי, עס איז דאָך אַ בפירושער תוספות“.

„איך האָב דאָס גענומען דאָרט, ווו תוספות האָט עס גענומען“, האָט געענטפערט רבי מענדעל קאָצקער.

מיר האָבן דעמאָלט געבילדעט אַ קרייז פון יונגע מענטשן אין לאָדזש, צו וועלכע י. מ. ווייסענבערג האָט געפלעגט עולה־רגל זיין פון צייט צו צייט און פאַר אונדז „זאָגן תורה“. אין אונדזער קרייז האָבן זיך דעמאָלט געפונען תלמודיסטן, מקובלים, דיכטער און מאַנכע שוין מיט אַ היפשן באַגאַזש פון וועלטלעכן וויסן. און עפעס האָבן זיך פאַרבונדן צווישן דער גרופע אינטעליגענטן מיט דעם פרימיטיוון דענקער־קינסטלער קעגנזייטיקע פעדים פון סימפּאַטיע; און מיין ווי אומעטום האָט זיך דעם געוויינלעך־שוויַגנדיקן ווייסענבערג געעפנט דאָס מויל צווישן אונדז.

אַמאָל, דערמאָן איך מיך, זענען מיר אַרויף אויף דער פראַגע „אָרעמקייט און נויט“ פון קינסטלערישן שטאַנדפּונקט, פון שטאַנדפּונקט „טעמע“.

„מיינט נישט“, האָט זיך אָנגערופן י. מ. ווייסענבערג, „אַז דער אָרעמאַן טראַכט פיר און צוואָנציק שעה אין מעת־לעת פון זיין דלות. ווען עס וואָלט אַזוי געווען, ווי וואָלט ער געקאָנט לעבן? ווי אַזוי וואָלטן זיך אָרעמע קינדער געקאָנט שפּילן — ווי אַזוי וואָלט אַמאָל דערהערט געוואָרן דאָס קול פון געלעכטער אין אַ שטוב פון נויט? באמת לעבט זיך דער אביון אַזוי איין מיט זיין אביונישקייט — כמעט

ווי דער נגיד מיט זיין נגידישקייט. „אָרעם" און „רייך" איז בלויז אַ פראַגע פון פּראָפּאָרציע."

זינט דער דאָזיקער אונטערהאַלטונג זענען שוין אַדורך אַ דריי צענדליק יאָר. איך געדענק זי, ווייל די דאָזיקע דעפיניציע וועגן אָרעם און רייך האָט געגעבן דעם שליסל צו זיין אייגענער נשמה און צו זיין אייגן לעבן. מיר פלעגן אים הינטער די אויגן רופן „וויטאָס", מיטן נאָמען פון דעמאָלטיקן פּוילישן פּויערים־פירער, צוליב זיין „פּויערישן" כאַראַקטער.

כיטרע ווי אַ פּויער, אָבער קיינמאָל נישט אָנווענדנדיק די כיט־רעקייט פאַר מאַטעריעלע פּראָפיטן; האַרט ווי אַ פּויער, אויך מיט אַנדערע און דער עיקר מיט זיך; אומצוטרויליך ווי אַ פּויער, ווי איינער, וואָס ווייסט פון לעבנס־חכמה, אַז איידער „דער האָן וועט קרייען דריי מאָל", וועט ער זיין פאַרראַטן.

אַ נוקם ונוטר אויך ווי אַ פּויער. קוים האָט ער געהאַט די פולע איבערצייגונג, אַז די גערעכטיקייט איז אויף זיין זייט.

עס איז זיך מיט אים אַמאָל פאַרלאָפן אַזאַ כאַראַקטעריסטישער עפּיזאָד : ער האָט געהאַט ביי זיך אין שטוב אַ קאַץ און אַ פויגל — און כסדר אָפּגעהיטן, אַז די צוויי „ירושה־פיינט" זאָלן זיך נישט אָפּ־טון קיין בייז... אָבער אין אַ מינוט פון אומאויפמערקזאַמקייט, איז דאָס אומגליק געקומען. די קאַץ האָט דערשטיקט דעם פויגל. נישט טראַכטנדיק, האָט י. מ. ווייסענבערג אָנגעכאַפּט די קאַץביים גאָרגל, אַראָפּגעשליידערט זי פון אַ פאַר שטאָק דורכן פענצטער — און כאָטש אַ קאַץ פאַלט אַלעמאָל אויף די פיס, איז זי דאָסמאָל געפאַלן אויפן קאָפּ און... די נקמה איז געווען אַ פולשטענדיקע.

מען דערציילט, אַז אַ לאַנגע צייט נאָכדעם איז ער געווען פול מיט שנאה צום גאַנצן קאַצישן געשלעכט.

כאָטש ער האָט געהאַלטן נויט און רחבות בלויז פאַר אַ פראַגע פון פּראָפּאָרציע, האָט די נויט צעבראָכן זיין געזונט פיזיש שטאַרקן קער־פער. זיין פּנים איז געוואָרן וואָס אַמאָל אָפּגעצויגענער, זיינע אויגן, וואָס אַמאָל אַרויסגעזעצטער און דער הוסט, וואָס אַמאָל שטאַרקער.

... און ער איז געשטאָרבן מיט אַ „נאָרמאַלן" טויט פאַרן אומקום פון זיין גאַנצן דור.

דאָס איז אויך געווען, דוכט זיך, זיין איינציקע פּריווילעגיע.

# אַש פון די שנות זקנה

מיט 50 יאָר צוריק האָט דער יונגער אַש פאַר אונדז אַנטפּלעקט דעם חן פון שטעטל. ער האָט אַרויסגעשיילט אַן אַנדערע רעאַליטעט, וואָס האָט שאַרף קאָנטראַסטירט מיט דער פאַרחושכטער און האָפע־נונגסלאָזערווירקלעכקייט, וואָס די שילדערער פון יידישן שטעטל פאַר אים האָבן אַרויסגעבראַנגט. אַ נייע פרוכטבאַרע תקופה אין דער יידישער ליטעראַטור האָט זיך דעמאָלט געעפנט.

איצט, מיט 50 יאָר שפּעטער, ווען דאָס נאָענטע שטעטל פאַר־שווינדט אין די ווייטקייטן און די ווייטע אָנהייבן מיטן אהיה־רוף פון די פלאַמען האָבן ווידער באַקומען אַ נייעם זין, קומט אַש דער בן־שבעים מיט „משה״.

אינצווישן, אויפן וועג פון „שטעטל״ ביז „משה״ ליגט פונאַנ־דערגעשפּרייט דאָס ווערק פון 50 יאָר, די פרוכטן פון אַ זעלטן־איג־טענסיווער שעפערישקייט.

זיין קינסטלערישע פאַנטאַזיע האָט אָנגעוואָרפן אַן אומגעהויערע שפע פון טעמעס. זיין פאַרבן־רייכע פען האָט מיט אַ זעלטענער רחבות אַרויסגעבראַכט אַ שלל פון געשטאַלטן און סיטואַציעס.

זיין נייגיר דורכצודרינגען דאָס יידישע לעבן פון אַלע זייטן, האָבן אים געטריבן כסדר צו אָבסערווירן, אַנאַליזירן און אַריינצו־דרינגען קינסטלעריש אין פלאָנטער פון יידישן לעבן אומעטום ווי זיינע פעדים צעגייען זיך.

ווייניק יידישע שרייבער זענען געקומען אַזוי פון אינעווייניק, זענען אַזוי אַרויס פון וואַרעמען פאָלקס־שויס ווי אַש. אַ גאַנץ ספּע־ציעלע אינטימיטעט באַגלייט און באַשטראַלט זיינע געשטאַלטן און סיטואַציעס.

אַש האָט שטענדיק ליב — און דאָס איז זיינס אַ ספּעציעלער כאַראַקטער־שטריך — צוזוגעבן אַלע זיינע געשטאַלטן עפּעס אַ מין משפּחה־שטריך פון יידישן כאַראַקטער. אַלע זיינע וויכטיקסטע העלדן האָבן נעבן דער פאַרשידנקייט פון זייערע יחידישע כאַראַקטערן אויך דאָס, וואָס איך וואָלט אָנגערופן „בשותפותדיקע שטאַם־סימנים” פון בני אברהם, יצחק ויעקב: אמונה, ביטחון, אַביסל קדושה־דיקס, זאָל אפילו זיין כאָטש אין אַ קליינער דאָזע. אפילו די פאַר־גרעבטסטע פון זיינע געשטאַלטן זענען קיינמאָל נישט אַזוי גרינטלעך פאַרדאָרבן, אַז זיי זאָלן נישט איינהאַלטן עפּעס פון יענע מדות, פונ־קען פון אַ הייליקן פייער.

ס׳שטעטל הויבט אָן אויסצוואוואַנדערן מעבר לים, אַש איז פון די ערשטע נאָכצוגיין זיינע טריט, נאָכצושפּירן זיינע מעשים. ער געפינט דאָרט ווייטער אָפּ, כאָטש אין אַ נייעם גלגול, דאָס בית־מדרש־געסל און דאָס „קוילער־געסל”. אמת, דאָ איז אַ פאַרדרייטע וועלט: עליונים למטה ותחתונים למעלה. דאָס בית־מדרש־געסל איז פאַרשעמט און פאַררוקט אין אַ זייט און דאָס אַרויפגעאַרבעטע „קוילער־געסל” לאָזט פילן זיין שטאַרקע האַנט איבער דעם שוואַכן גוף פון בית־מדרש־געסל, אָבער די משפּחהדיקע פעדים זענען נישט איבערגעריסן. די משפּחהדיקע מידות אויך נישט. אַ פונק פון גע־וויסן, פון בושה, פון מענטשלעכקייט איז נאָך ערגעץ־ווו געבליבן פאַרשטעקט אויפן סאַמע תהום פון דער פאַרביזנעווועטער פאַר־גרעבטקייט. און אין מאָמענטן פון נסיונות, אין שעהן פון נשמה־ראַנגלענישן צעפלאַקערן זיך יענע באַהאַלטענע פונקען־מידות און פאַרברענען אין זייערע פלאַמען די ביזנעס־געצן פון אַ גאַנץ לעבן, פאַרניכטן די אָנגעהאָרעוועטע פּראַצע פון אַ לאַנגער און שווער־דערגרייכטער קאַריערע. אָנקל מאָזעס, חיים לעדערער, דער אַלטער מירקין זענען די ערשטע אין דער ריי נעבן אַ סך אַנדערע הויפּט־און צווייט־ראַנגיקע געשטאַלטן פון זעלבן מין.

פון אַשס ווערק לאָזט זיך אפילו אַרויסציען אַ מין מאָראַלישע סענטענץ:

אמונה און ביטחון מאַכן גאַנץ און פול די, וואָס פילן אויס זייער לעבן מיט זיי, באַזיגן און צעברעכן די אַנדערע, וואָס האָבן די דאָ־זיקע שטאַם־מידות פון זיך אויסגעקערט און אויסגעליידיקט, אָבער

קיינמאָל נישט געקענט אַזוי גרינטלעך אויסליידיקן, אַז זיי אַליין זאָלן דורך זיי נישט צעבראָכן און באַזיגט ווערן אין מאָמענטן פון נשמה־געראַנגל.

אין אַלע געשילדערטע סיטואַציעס, אין אַלע געמאָלטע געשטאַלטן, האָט אַש געקענט אַריינהויכן אַן אָטעם פון וואַרעמקייט, זיי הילן אין אַן אַטמאָספער פון ראָמאַנטיש־אידעאַליסטישער באַגייסטערונג, אין זיין גאַנצן ווערק פון 50 יאָר האָט אַש באַוויזן אָנצוהאַלטן אַ פּערמאַנענטן קלימאַט פון הויכדרוק.

דאָ מוז אָבער קאָנסטאַטירט ווערן נאָך אַן אמת: אין דער צייט, וואָס אין ערשטן פּעריאָד פון זיין שאַפן האָט די ראָמאַנטישע אידעאַליזאַציע, מיט וועלכער אַש האָט באַשטראַלט זיין ווערק און זיינע געשטאַלטן געבילדעט אַן אינערלעכן עלעמענט פון זיין קונסט, איז זי אין לויף פון זיין שאַפן, וואָס אַמאָל מער געוואָרן אַ קאָנצעפּציאָנעלער צוגאַנג, ווי ז'ער קינסטלער וואָלט באַקומען דאָס באַוווסטזיין וועגן מהות פון זיין קינסטלערישער קראַפט און דערפון באַשלאָסן צו מאַכן אַן אינסטרומענט, אַ שם־המפורש צו באַשאַפן געשטאַלטן און סיטואַציעס. וואָס פריער איז געווען אַן אינטואיטיוו־קינסטלעריש מיטל איז איצט געוואָרן אַ באַוווסטזיניקער ציל.

*

אין אַלע זיינע ווערק פון לעצטן פּעריאָד איז צו באַמערקן דער דאָזיקער נייער שטריך, פון וועלן מאַכן אַ צילבאַוווסטן מכשיר פון דעם, וואָס פריער איז עס געווען אַ נאַטירלעכער עלעמענט פון שאַפן. עס איז דעריבער נישט קיין זעלטנקייט צו טרעפן אין די ווערק פון אַשס לעצטן פּעריאָד אַזעלכע געשטאַלטן, וואָס מאַכן דעם איינדרוק פון פאַרקערפּערטע טעאָריעס, פון קאָנצעפּציעס פאַרצויגענע מיט הויט און פלייש.

עס געשעט אויך אין דאָזיקן פּעריאָד, אַז דער קינסטלער „פאַרגעסט" זיך און עס ווערן דעמאָלט געבוירן די שענסטע קאַפּיטלען פון „תהילים־ייד" פון „איסט־ריווער" און פון אַנדערע ווערק, וואָס מיר פאַרעכענען צום צווייטן פּעריאָד, אָבער באַלד געשעט, ווי אַש וואָלט זיך דערמאָנט אין דער מיסיע, וואָס ער האָט אויף זיך גענומען — וואָרעם נישט קיין מיסיאָנער איז אַש געוואָרן ווי בייזע ציינגער האָבן אויסגעטראַכט, נאָר אַ מיסיע־פריידיקער — ער טראַכט

דעמאָלט צו קינסטלעכע געשטאַלטן, שטעלט זיי אַוועק אין אומנאַ־טירלעכע סיטואַציעס, אומנאַטירלעך אפילו פאַר אַשן דעם ראָמאַנ־טיקער.

*

אין „משה", וואָס דער שלום אַש פון שנות זקנה גיט אונדז, זע־נען דאָ נישט ווייניק ערטער, ווו די נאַטירלעכקייט פון ערשטן פע־ריאָד, דער קינסטלערישער חסד־נעורים טרעטן אַרויס אין זייער גאַנצער פראַכט, אָבער אויך אַלע צוטשעפּענישן פון אַשן דעם אמונהלאָג (נישט טעאָלאָג) זענען דאָרט פאַראַן.

נאָך מער. דאָ זענען נאָך די צוטשעפּענישן בולטער ווי אין אַנ־דערע ווערק. אַש רייסט דאָ פשוט איבער — און ער טוט עס זייער אָפט — דעם גאַנג פון דער דערציילונג מיט לאַנגע אויסטייטשעניש ן און סברות, וואָס וואַקסן אין גאַנצן נישט אַרויס פון סיפור־המעשה.

דאָ זענען אפילו די צוטשעפּענישן אַזוי בולט, אַזוי איבעריק, אַזוי אָפּגעזונדערט פון אינהאַלט, אַז זיי ווערן שוין אפילו אויס חסרון, ווייל מען קען זיי פשוט טראַקטירן ווי נעבן־באַמערקונגען אין קלאַ־מערן און איבער זיי אַריבערגיין צום ווייטערדיקן המשך.

עטלעכע ביישפּילן: אַש האָט ליב מקרב צו זיין צום שכל די ניסים, וואָס ווערן דערציילט אין דער תורה — ווי ער האָט עס שוין אגב געטאָן אין אַלע אמונהלאָגישע ווערק פון לעצטן פּעריאָד, ווו אמונה איז נישט בלויז אַ כאַראַקטער־שטריך פון העלד, נאָר אַ טע־מאַטישער עיקר פון בוך און נס ווערט דעריבער אַ נאַטירלעכער באַ־גלייטער. ער דערגרייכט דאָס דורך פאַרשידענע אינטעלעקטועלע קאָמבינאַציעס, אָבער ווי די „טריקן" זענען פאַרוועבט און פאַר־פלאָכטן אין אינהאַלט, פאַרדייען מיר עס געוווג לייכט.

דאָ אין בוך „משה" באַגנוגנט זיך נישט אַש מיט לייכט־אַרייג־געפלאָכטענע רמזים, ער גיט זיך כסדר די מי צו פאַרטייטשן דעם לייענער, למשל: אַז גאָט האָט נישט געוואָלט משנה זיין די טבע צוליב יידן, אָפּטמאָל רייסט ער בכלל איבער דעם גאַנצן פאָדים פון דער דערציילונג, כדי אין הסכם מיט דער נייער מיסיע זיך צו פאַרפלאָנ־טערן אין המלצות פאַר יידן. אַזוי גיט ער לאַנגע דערקלערונגען וועגן דעם וינצלו את מצרים אָדער ער פאַרענטפערט דעם געבאָט פון לא תחיה כל נשמה, די מצווה פון שחיטה א. אַ. וו.

עס וואָלט אונדז אפשר אינטערעסאַנט געווען צו זען פון אַשן דעם דענקער עפּעס אַ נייעם מין טעאָלאָגיש־פּאָליטישן טראַקטאַט מיט פּערזענלעכע המלצות אויף דער תורה און אויף דער יידישער געשיכטע, אויף וועלכע שונאים האָבן געוואָרפן אַזוי פיל שמוץ און בלבולים, אָבער אין אַ קונסטווערק זענען אַזעלכע זייטנשפּרונגען בלויז אַ שטערונג.

עס טרעפן נאָך אַזעלכע פולשטענדיקע אַרויסשפּרינגענישן פון דער טעמע און פון דער תקופה ווי צום ביישפּיל: „מיר ווייסן נישט פאַרוואָס „משה" האָט אויסגעשלאָסן געוויסע בהמות" א. אַ. וו. (וועגן טהורות און טמאות) אָדער אויף אַן אַנדער אָרט: „דאָס געשריי קעגן די כהנים האָט זיך שפּעטער געהערט דורך די נביאים". ווער זאָגט די דאָזיקע ווערטער? דער מחבר? צוליב וואָס דאַרפן מיר מיט אַמאָל דערפילן די אָנוועזנהייט פון אַ מחבר און דערמיט פאַרלירן די גאַנצ־קייט פון קינסטלערישן בילד? צו וואָס דאַרף דער מחבר מיט זיינע פּערזענלעכע אינטערוועניצן אונדז כסדר אַרויסרייסן פון דער היס־טאָרישער פיקציע, אין וועלכע ער האָט אונדז אַריינגעצויגן און אין איר אונדז געמאַכט גלויבן? איז דען נישט דער ערשטער כלל פון קינסטלער פאַר אונדז צו פאַרהוילן דעם מחברס אייגענע עקזיסטענץ, כדי בעסער צו אַנטפּלעקן זיין קונסט?

דאָס בילד ענדערט זיך פולשטענדיק, ווען אַש לאָזט פאַרשוויגן זיין פּערזענלעך קול און לאָזט הערן דאָס קול פון זיין טאַלאַנט, ווען ער לאָזט פונאַנדערוויקלען אויף אַ נאַטירלעכן אופן דעם גאַנג פון די געשעענישן, דעמאָלט ווערן אויך די אַריינגעפלאָכטענע אויס־טייטשונגען פון פאַרשידענע ערטער אין דער תורה אַן אינערלעכער עלעמענט פון אינהאַלט און אַ טייל אַזעלכע פּירושים זענען פּשוט וווּנדערלעכע המצאות פון אַשס קינסטלערישער פאַנטאַזיע.

די עלעמענטן, פון וועלכע אַש האָט צוזאַמענגעשטעלט זיין „משה" זענען: תורה, אגדה, ערודיציע און קינסטלערישע פאַנטאַזיע. פון די פינף חומשים רעדן גאַנצע פיר פון שמות ביז סוף דברים דער עיקר פון משהן. די שפּעטערדיקע אגדתא האָט אויך נישט געקאַרגט קיין קרוינען און אָרנאַמענטן פאַר משהן דעם נביא, דעם באַפרייער, דעם געזעץ־געבער, דעם קריגס־מאַן און דעם גרינדער פון יידישן דת און פון מאָנאָטעאיזם בכלל. וויסנשאַפטלער, קינסטלער און פאָ־

עטן פון אַלע צייטן האָט אויך נישט ווייניק געלאָקט די גרויסע גע־שטאַלט. דאָס בייע אין שלום אַשס „משה" איז דאָס, וואָס דאָ האָט זיך דער מחבר פאַרמאָסטן צו געבן נישט בלויז די אַלזייטיקע גע־שטאַלט פון משה רבינו, נאָר פון משהן געבן זיין פאָלק, משה דעם גרויסן ליבהאָבער פון זיין פאָלק, דעם רעיא מהימנא, דעם פאַסטעך, וואָס איז גאָרנישט און וויל גאָרנישט זיין אָן זיין סטאַדע; משה איז שקול כנגד ששים רבוא, אָבער נאָר ווען די ששים רבוא זענען דאָ, אָן זיי איז ער גאָרנישט, וויל ער גאָרנישט זיין, אָן זיי איז מחני נא מספרך.

דאָס גרויסקייט פון אַשס נייעם ווערק ליגט אין געבן אונדז משהן דעם מנהיג צוזאַמען מיטן פאָלק, מיט די שבטים אין דער מדבר. זייער פּיין, זייער האָפענונג, זייער לאַנגען מאַרש. זייערע לאַ־גערן אין די וויסטענישן, זייערע בונטן, זייערע געמורמל, זייער שטראָף און משהס שטראָף צוזאַמען מיט זיי, מיטן דור המדבר.

עס קומט אייגנטלעך אַלץ אַזוי פּשוט פאָר ווי אין חומש, אָבער עס איז ווי מיט דער הילף פון אַשס רייכער פאַנטאַזיע וואָלטן מיר ערשט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין און איבערצולעבן די מעשות פון חומש. עס פאַרדריסט אונדז אפילו, וואָס מיר האָבן פריער אַזוי נישט פאַרשטאַנען, כאָטש מיר זענען דאָך אַזוי מיט לייב און לעבן צו־זאַמענגעבונדן מיט די חומש־געשטאַלטן. אָפּטמאָל קומט אויס צו באַוווּנדערן ווי אַזוי אַשס פאַנטאַזיע האָט געקענט פון קליינע רמזים אין דער תורה און אין דער אגדה אַרויסציען אַזוי פיל ברייטע הער־לעכע בילדער.

דער פּסוק פון חומש שמות: ככול אשר אני מראה אותך את תבנית המשכן ואת כל כליו וכן תעשו („אַזוי ווי איך ווייז דיר די פאָרם פון משכן און פון אַלע זיינע כלים, אַזוי זאָלט איר מאַכן") גיט אַשן די מעגלעכקייט צו אַ פּראַכטפול בילד פון משהן אויפן באַרג סיני: מיט די אויגן פון ווזיע שניידט משה אויס פון דער אַרומי־קער נאַטור דאָס בילד פון משכן. אין די גראָבע פאַרוואַקסענע בוי־מער אויפן באַרג דערזעט ער ברעטער און שוועלן, אין די פאַרביי־לויפנדיקע אינדן און גאַזעלן דערזעט ער פעלן און שטאָפן אויף דעקן. אין איין מאָמענט פון העלזעערישן רוח הקודש דערזעט משה דעם גאַנצן פּלאַן פון משכן און זיינע כלים.

פון אַזעלכע „טרוקענע" סדרות אין דער תורה ווי „תרומה" און „תצוה" וואַקסן ביי אים אַרויס הערלעכע מאַסן־סצענעס פון אַ גרויס־פּראָדוקציע אין דער מדבר. די בני ישראל בויען אַ משכן: פון משהס פּלאַן איז געבוירן געוואָרן אַן אינדוסטרי: די פרויען שפּינען, וועבן, שטריקן, נייען און פאַרבן. די יונגע מיידלעך פאַבריצירן שלייפלעך, העקעלעך און בענדער פאַרן משכן, די מענער האַקן, היבלען, שניצן, פיילן, שלייפן, בויערן און בויען.

עס גייט אָן אַ געוואַלטיקע בוי־אַרבעט. די בוי־מייסטער בצלאל און אַנדערע צייכענען און דאָס פאָלק פירט אויס די אַרבעט. אַלע מאַטעריאַלן, וואָס געפינען זיך אין דער מדבר, און אַלע „געבאָרג־טע" אוצרות פון מצרים ווערן אויסגענוצט צום גרויסן ווערק פון אַ רו־אָרט פאַר גאָטס גייסט.

דאָס אָרט, וואָס רעדט אין דער תורה וועגן אויסבאָרגן זיך גאָלדענע און זילבערנע כלים ביי די מצרים נוצט אַש אויס אויף אַ סעריע „היימישע" דיאַלאָגן צווישן גויים (מצרים) און יידן אין די טעג פון מכת חושך. עס איז דאָ דערינען אַ סך המצאה, אָבער נישט שטענדיק אָן אַ געוויסן נאַכטעם.

פון אינצידענט צווישן מרימען און משה „על האשה הכושית אשר לקח" מאַלט אַש אַרויס אַן אינטערעסאַנט בילד פון אַ וואַרע־מער פאַרבינדונג צווישן משהן און זיין אַדאָפּטיווער מוטער בתיה, פּרעהס טאָכטער, וואָס איז דאָך אַזוי נאַטירלעך צווישן אַ געראַטע־וועט קינד און דער פּערזאָן, וואָס האָט עס געראַטעוועט און דער־צויגן.

די מיסטעריעזע ווערטער אין דער תורה „יד על כס יה" באַ־קומען ביי אַשן אַ זייער דערפינדערישן אויסטייטש און גוט צוגע־פּאַסטן צום גייסט פון דער מלחמה מיט עמלקן.

שטאַרקע און זער לעבעדיקע שילדערונגען באַקומט אַש אַרויס פון די שטעלן אין דער תורה, ווו עס רעדט זיך פון „בלעם שתום העין", פון זיין באַציאונג צו די בני ישראל און צו דעם וועלט־קוק, וואָס משה שטרעבט אין זיי איינצופלאַנצן אין דער מדבר.

בלעם איז דאָ דער גאַנצער אַנטיפּאָד פון משהן. ער איז דער נביא פון געץ, דער אינספּירירטער פון טומאה, אַ מענטשן־קענער פול מיט לעבנס־דערפאַרונג, זעט ער מיט זיין קלוג „פאַרמאַכט אויג"

די וועלט און די מענטשן. ער פאָלגט אומעטום נאָך, ווי צופעליק, משהן. באַלד אין אָנהויב אין דער מדבר, ווען משה אַנטלויפט פון מצרים נאָך מדין, איז ער הינטער אים. ער ווייס, מיט וועלכע גע־דאַנקען עס טראָגט זיך משה און ער האַלט זיי פאַר אַ וויסטן און ווייטן חלום: באַפרייען שקלאַפן און פון זיי מאַכן אַן אויסדערוויילט פאָלק! ער קען די שוועריקייטן און נוצט זיי אויס. ער זעט דערנאָך די יידן אין דער מדבר, זייער נויט און זייער פיין, ער קען די בענק־שאַפט פון המון צום געץ, צום מאַטעריאַליזירטן גאָט און ער רוקט אים אונטער „דעם גאָלדענעם קאַלב" און די אויסגעלאַסנקייט פון בעל פעור. ער נוצט אויס דעם מאָמענט, ווען משה איז נישטאָ אין דער מדבר, ווען ער איז אויפן באַרג צו נעמען די לוחות.

אָבער ווען ער דאַרף אויף בלקס באַפעל שילטן די בני ישראל, פאַלט ער אַליין אַריין אין טראַנס פון אַ העכערער אינספּיראַציע, זעענדיק מיט זיין שאַרפן אויג, אויף וועלכע וועגן ישראל פאַרנעמט זיך אין זיין ווייטן גאַנג. און דווקא ער איז דאָס דער, וואָס שרייט אויס די ווערטער, וואָס טראָגן אין זיך אַלע אייביקע ברכות און אייביקע פיינען: הן עס לבדר ישכון ובגוים לא יתחשב.

גרויסער קאָנסטרוקטאָר פון מאַסן־סצענעס ווי אש איז, גיט אים די טעמע די גוטע געלעגנהייט צו קאָמפּאָנירן ברייטע סאָציאַלע ביל־דער: פון קרחס בונט, פון דער שנאה פון דתן און אבירם, נישט דער־גאַנגענע דיגניטאַרן, צו משהן; פון מעשה עגל, פון מאַרש פון די שבטים אין דער מדבר, הינטער די באַזונדערע פענער, מיט אַ מילי־טערישער דיסציפּלין, וואָס משה דער געוועזענער עגיפּטישער מיליטערישער פירער האָט איינגעשטעלט.

מיט דער הילף פון פאַראַנענע אגדות און מיט דער הילף פון דער אייגענער געבענטשטער פאַנטאַזיע, גיט אַש, קומענדיק צו מעשה עגל די פּסיכישע צוגרייטונג פון פאָלק, ווי אַזוי בלעם געפינט מיטלען צו פאַרדאַרבן די מאָראַל פון ישראל דורך די בנות מדין.

שטאַרק און שטימונגספול איז געגעבן משהס פטירה. אין פולער קראַפט, נאָך פול מיט כוחות, לאָזט ער איבער פריינט, תלמידים און זיין פאָלק. איינער אַליין שטייגט ער אַרויף אויפן באַרג נבו צום טויט. ער באַקוקט דאָס לאַנד, וואָס זיין פאָלק וועט ירשענען און גיט זיך איבער דעם טויט. די לעצטע מינוטן פון משהס לעבן און שטאַרבן

זענען דורך דער אגדה געקרוינט געוואָרן מיט אַן אַ שיעור אגדות. אַש פלעכט זיי געשיקט אַריין.

*

עס זענען דאָ אומגעהויערע שוועריקייטןביים שרייבן אַזאַ אַרט היסטאָריש ווערק (ראָמאַן אָדער דערציילונג). דאָס פּאַראַנענע רייכע מאַטעריאַל איז אָפּטמאָל מער שטערונג ווי מעלה. אַש האָט אויך געמוזט מאַכן אַ סך פשרות צווישן דעם, וואָס מיר האָבן אָנגערופן אַמונהלאָג און דעם קינסטלער און צווישןביידע און דעם היינט־צייטיקן מענטש, וואָס אַש איז דאָך בעיקר.

אַש האָט דאָ געוואָלט גיין אין די פּשוטסטע וועגן. אָבער ווען זיין פּשוט, הייסט נאָך נישט עס קענען זיין. און ווי אַזוי איז מעגלעך צו זיין פּשוטער ווי די תורה אַליין? די תורה האָט נישט באַדאַרפט קיין שום קאָמבינאַציעס און „טריקן" אויף צו קאָנען זאָגן אַזעלכע ווערטער, ווי: „און איך וועל מאַכן רוען מיין גייסט צווישן אייך" אָדער „און גאָטס גייסט איז אַראָפּגענידערט אויף דער מחנה" און אַנדערע אַזעלכע פּשוטע און אייביקע ווערטער.

*

צוזאַמענגענעמענדיק אַלע אַקטיוון און פּאַסיוון, מוזן מיר קומען צום אויספיר, אַז „משה" איז נישט די העכסטע שפּיץ אין אַשס קונסט־פּיראַמידע. עס איז נישט זיין קרוין־ווערק, וואָס עס האָט יאָ באַ־דאַרפט צו זיין לויט דער חשיבות פון דער טעמע און עלטער פון מחבר. עס מאַכט נישט דעם איינדרוק צו זיין אַשס לעבנס־ווערק, וואָס מיר האָבן דערוואַרט עס זאָל יאָ זיין. עס איז נישט קיין קאָנ־סעקווענטער דערגיין צו אַ הויך־פּונקט, ווי אַ דערגרייכונג פון אַ לאַנגען קינסטלערישן אָנשטרענג.

עס זעט אויס, ווי „משה" וואָלט געשריבן געוואָרן מיטן ווילן צו רעקאָמפּאַנסירן און פאַרגעלטן די יידישע עפנטלעכ׳ מיינונג פאַר די נוצרי־ראָמאַנען און צוריקגעווינען איר האַרץ, וואָס איז פון אים אָפּגעווענדט געוואָרן. דאָס איז, מיין איך, אויך די סיבה, וואָס אין דעם בוך איז דער פּרעדיקערישער עלעמענט זיך אַזוי שטאַרק צעוואַקסן אויפן חשבון פון קינסטלערישן.

# שלום אַש — דער נאָענטער און ווייטער

עס איז דאָ אַ נאָמען שלום אַש, וואָס קלינגט אין אונדזערע אויערן אַזוי היימיש און אַזוי וואַרעם ווי דאָס וואָרט „שטעטל“, אַזוי נאָענט און אַזוי אינטים ווי די ווערטער „יידישע ליטעראַטור“, מיט וועלכער אַש האָט זיך אין דער וויכטיקסטער תקופה פון איר אויפ־שטייג געדעקט און אידענטיפיצירט. און עס איז דאָ אַ פּערזאָן אַש, מער פּראָבלעם ווי נאָמען, אַ באַצייכנונג, וואָס באַהעפט זיך נישט אין אונדזער געדאַנק און געפיל מיט זיינע ווערק (די ערשטע) און נישט מיט זיין סביבה, נאָר אַסאָצירט זיך מיט פרעמדקייט און דיסטאַנצירטקייט. עס איז דאָ אַן אַש וועמען די קרוין פון דער יידי־שער ליטעראַטור האָט קיינמאָל נישט באַפרידיקט און ער האָט „רק געזוכט קרוינען, וואָס האָבן אים נישט געפּאַסט“ (ש. ניגער).

וואָלט אפשר דער צווייטער אַש געווען בלויז אַן ענין פאַר ליטע־ראַרישע רכילותן, אָדער אַ טעמע פאַר אינטימע מעמואַרן פון פער־זאָנען, וואָס האָבן געהאַט די געלעגנהייט אים נאָענט צו קענען, ווען אַ גרויסער טייל פון זיינע ליטעראַרישע אַרבעטן אַליין זאָלן נישט זיין דער פּראָדוקט, פון יענעם צווייטן אַש, יענעם זוכער פון פרעמדע קרוינען, יענעם אָפּשטויסער און פאַריאָגער, וואָס שטויסט און יאָגט אָפּ פון זיך זינט לאַנגע יאָרן די יידישע המונים, וואָס האָבן אים ליב געהאַט און געזוכט ביי אים נאָענטקייט און וואַרעמקייט.

*

פונוואַנען קומט עס אָט דער שריפטשטעלער, וועמענס יונגע שריט צו דער יונגער יידישער ליטעראַטור האָבן זיך געהערט ווי דער איידעלער אָנקום פון שטעטלדיקן פרייטאָק־צונאַכטס, ווי דער

ראָמאַנטיש־צניעותדיקער שאַרף פון יום־טובדיקן זייד און סאַמעט און איצט אין די יאָרן פון זקנה, איז די באַציונג צו אים ווי צו אַ מחוץ־למחנהדיקן, ווי צו אַן אַפּטריניקן און פאַרשטויסענעם?

לאָמיר אויף אַ ווייל אַ פּלי טאָן מיט די פליגלען פון דמיון, אין לאַנד פון דיכטער. מיר וועלן דאָרט נישט זוכן און נישט געפינען קיין שום פאַרענטפערונג און אוודאי נישט קיין שום באַרעכטיקונג, אָבער מיר וועלן דאָרט זוכן און אפשר אויך געפינען אַ באַשייד צו־ אַ שס אופן פון באַנעמען די באַציונגען ייד־גוי, ייד־קריסט; מיר וועלן דאָרט אפשר געפינען אַ תירוץ, פאַר זיין אַנהאַלטנדיקן נייגיר נאָכצופאָלגן די באַציונגען, ווי אַ קינסטלער, וואָס געפינט זיי — די באַציונגען — צוזאַמען מיטן לעבן, ווי אַ קינסטלער, וואָס זעט די עלעמענטן ייד־גוי, נישט אָפּגעזונדערטע נאָר צונויפגעפרעסטע. מיר וועלן זען פונוואַנען עס קומט צו אַשן צו באַנעמען די דאָזיקע באַ־ ציונגען ווי אַ ברוגז, ווי אַ געשיכטלעכן טעות, ווי אַ צו לאַנג דויר־ ערנדיקע מיספאַרשטייעניש צווישן ברידער. מיר וועלן אויך דעמלט דערזען, אַז אַזוי לאַנג ווי אַש האָט ווי אַן אינטואיטיווער קינסטלער געגעבן דעם פלאַנטער אַליין, אַזוי ווי ער האָט אים געפונען אין לעבן; אַזוי לאַנג ווי ער האָט געגעבן לעבן, וואָס טראָגט אין זיינע קנייטשן פּראָבלעמען, האָט ער קיינעם נישט שאָקירט און קיין שום התנגדות צו זיך נישט אַרויסגערופן, הגם אומעטום אין זיינע פריער־ דיקע ווערק, איז שוין געלעגן דער זעלבער קוק אויפן „געשיכט־ לעכן טעות״. ערשט ווען אש האָט אָנגעהויבן אַרויסשיילן פּראָבלע־ מען און זיי באַקליידן מיט לעבן, ד. ה. ווען ער האָט אָנגענומען די פאַרקערטע פּראָצעדור פון אַ קינסטלער, האָבן אויך מיר באַקומען די מעגלעכקייט צו דערזען און אַנאַליזירן די קינסטלעך באַהאָפטענע עלעמענטן און מיר האָבן אָנגעהויבן זען כוונות און טענדענצן, וואָס האָבן אונדז אָנגעפילט מיט אומרו און אומצוטרוי.

פאַרן שרייבער פון די שורות וועט אגב, אַזאַ אויבן־דערמאָנטע „עקסקורסיע אין לאַנד פון דיכטער״ נישט באַדייטן קיין סתם אַנאַ־ ליטיש־קריטישע עקספּעדיציע, נאָר אַן אָנגענעמער צוריקפלי צום אייגענעם זכרונות־וויגעלע, צו יענע ברייטע, אָפענע פעלדער און שאָסייען פון קויאַווע, וואָס האָבן אים אַליין און די מענטשן פון דער דאָזיקער געגנט פאַרמירט און אין זיי איינגעפלאַנצט אַן אייגענעם

מילדערן קוק אויפן פּראָבלעם ייד־גוי, וואָס האָט זיי באַווירקט אויפן גאַנצן לעבן.

*

פון די פיר „וועגן", וואָס פירן פון מיין געבוירן־שטעטל קרוש־ביעוויץ צו אַלע „פיר עקן פון דער וועלט", איז דער „קוטנער וועג" דער נאָענטסטער און היימישסטער. נאָך איצט מסתם, נאָך אַזויפיל חורבן און פאַרוויסטעניש, געפינען זיך אויף די שאָסייען און וועל־דער צווישן קרושניעוויץ און קוטנע די שפּורן פון אַלע העלדישע אַוואַנטורעס, פון אַלע זיגרייכע און דורכגעפאַלענע מלחמות פון אונדזערע קינדער־יאָרן; און צווישן די הויכע ברייט־צווייגיקע, גע־דיכט־באַבלעטערטע טאָפּאָליעס, אויסגעשטעלטע ווי מעכטיקע שומ־רים אויף ביידע זייטן שאָסיי, געפינט זיך נאָך אפשר אויך איצט פאַרהאַלטן דער עכאָ פון אונדזערע זער נאַאיווע און זער ערלעכע דיאַלאָגן איבער קונסט און פילאָזאָפיע, איבער מענטש און גאָט, איבער ייד און גוי, פון די שפּעטערדיקע פּרי־בחורישע יאָרן. אויף יענע צווייגן און צווייגלעך וויקלען זיך נאָך אפשר ווי שפּעט־זומער פעדים שטיקער פון אונדזערע חלומות און בענקשאַפטן צו דער „גרויסער וועלט", וואָס אָט־אָט נישט ווייט פון דאָ הויבט זי זיך אָן, סך הכל מיט עטלעכע קילאָמעטער ווייטער, טאַקע מיט דער קרייז־שטאָט קוטנע, פון ווו דער צוג לויפט נאָך לאָוויטש, און פון דאָרט צעצווייגט זי זיך נאָך לאָדזש, נאָך וואַרשע און ווייטער, ווייטער, ווו די וועלט האָט אַן עק...

וועגן און שאָסייען צעגייען זיך דאָרט, וואָס פירן צו אַלע לענגען און ברייטן פון קרוינפּוילן. זיי שלענגלען זיך צווישן ברייטע אומ־ענדלעכע פלאַכן, צווישן פעלדער אָפענע אין די ווייטקייטן, מיט אַלע מינים גרינסן, שווער באַלאָדנטע אין זומער, מיט ווייס־באַ־פוכטע דעקן — אין ווינטער. אַ וועלט פול מיט רחבות און אָפענ־קייט.

אַזוי אויך די מענטשן. יידן — ערד און סאָד־מענטשן, מיטן ריח פון פעלד אין זייערע קליידער, מיט תבואה, אוגערקעס און בוראַ־קעס און זייערע שפּייכלערס, מיט ווינט, זון און פראָסט אויף די פּנימער. די פּרנסות — פאַרטיילט לויט שטאַנד און שטאַם. לומדישע יידן — תבואה־סוחרים און קרעמער; דער פּשוטער המון — פור־

מאַנעס, קאָוואַליעס, בהמה־הענדלערס און סתם באַלעמעלאָכעס. מען האָט ליב אַ בלומען־טאָפּ און אפילו דער בן־תורה האַלט זיך נישט אָפּ פון מפסיק זיין ס׳לערנען מיט אַ מה נאה אילן זה. די צאָל יידן תהילים־זאָגערס, עין־יעקב־לערנער איז לאין ערך גרעסער ווי די צאָל גמרא און תוספות־לערנערס. דער וועג צום בורא עולם פירט דאָ נישט דורך שאַרפער חסידות, און נישט דורך פלפול און מח־שאַרפעריי, ווי אין דער אינדוסטרי־געגנט פון לאָדזש, זדונסקאַ־וואָלע און אַרום. דאָ איז דער וועג צו גאָט גלאַטיקער און גלייכער, מיט טוי און גשם אַ באַזאַפטיקטער, ווי גלייך, גלאַטיק און באַזאַפטיקט עס זענען די פעלדער און וועלדער פון דער געגנט.

אויך דער גוי איז דאָ אַ פשוטער, אַ פרומער. ער האָט ליב זיין גאָט און האָט דרך ארץ פאַרן גאָט פון „סטאַרי זאַקאָנני״. ער קויפט „באַ נעמוניס״ (אויף נאמנות) און שווערט „פּאָד חיירים״ און אַז מען צעקריגט זיך מיטן ייד אין אַ נערוועזן, היציקן מאַרק־טאָג, בעט מען זיך איבער, מען פּאַטשט אין די הענט אַריין און מען דערגייט צום סוף פון אַלע פילאָזאָפיעס, צום „מאַמי יעדנעגאָ באָגאַ״ (מיר האָבן איין גאָט).

הונדערטער יאָרן האָט מען אָנגעהאַלטן אַזאַ פאַרבינדונג, זיך געקריגט און זיך איבערגעבעטן. געלעבט אין אַ קלימאַט, וואָס איז זעלטן, ווען דערגאַנגען צו צעיושעטער אומטאָלעראַנץ פון איין זייט, צו וואַרעמער אינטימיטעט פון דער צווייטער.

אַז אַש האָט דאַרט דערזען די וועלט, האָט ער זי געזען אַ צו־נויפגעפּאָרטע און צונויפגעפּרעסטע, נישט קיין יידיש שטעטל מיט אַ שבת־גוי האָט ער געזען נאָר אַ יידיש־פויליש שטעטל. די באַ־ציונגען האָט ער געזען ווי אַ מחלוקה און אַן איבערבעטן אין אַ מאַרק־טאָג. די רייסערייען ווי אַ מיספאַרשטייעניש, וואָס דאַרף אויפ־געקלערט ווערן און גלייך וועט דער „ברוגז״ פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ אידיליע פון „מאַמי יעדנעגאָ באָגאַ״.

אַש האָט דעם פּראָבלעם נישט געזוכט. ער האָט אים ווי אַ קינסטלער און ווי אַ קינד פון ברייט־פעלדיקן פויליש־יידישן צו־זאַמענלעבן, געפונען צוזאַמען מיטן לעבן. ער האָט אים געפונען ווי אַ מאַטעריע, וואָס שוין די נאַטור אַליין גיט נישט אין קיין ריינעם צושטאַנד נאָר אַ כעמיש־צונויפגעשמאָלצענעם פון עלעמענטן.

פון „שטעטל" איבער כמעט אַלע ראָמאַנען און נאָוועלן, ביז צו זיינע קריסטלעכע און ערב־קריסטלעכע ראָמאַנען שלאָגט דערוויייל אומקלאָר און אינטואיטיוו אַרויס דער באַגער צו באַנעמען דאָס גע־שיכטלעכע רעטעניש ייד־קריסט. אין אַ „קאַרנאַוואַל־נאַכט", אין אין די „כישוף־מאַכערין פון קאַסטיליע" אין „קידוש השם" און אַפילו אין דער טרילאָגיע (דער „גוטער גוי", קוויאַטקאָווסקי). אומעטום איז אים נאָכגעגאַנגען אַן אינסטינקטיווער באַגער זיך צו דער־גראָבן צום היסטאָרישן רעטעניש, אַלט שוין 2000 יאָר און וואָס טראָגט דעם סתירהדיקן נאָמען ייד־גאָט — ייד־שונא. סוף כל סוף קענען מיר זיך קייגער נישט באַפרייען פון דעם געשיכטלעכן פלאָנ־טער יידנטום־קריסטנטום, ווו שנאה און שייכות זענען אין פאַרלויף פון לאַנגע יאָר־הונדערטער משמש בערבוביה.

אָט שיינט אונדז אַ פּסוק אין דער עוואַנגעליע צו זיין תנכיש נאָענט און אָט קומט אַ צווייטער, וואָס איז אונדז היידעניש ווייט, פרעמד און פיינטלעך. און נישט אַנדערש אין לעבן. אָט ברענט די קירך אויס, אויף די שייטערס. פון אויטאָ־דאַ־פע און אינקוויזיציעס, אַלע שייכותן מיטן שטאַם און אָט אַנטשטייען כסדר נייע סעקטעס, נייע רעוואָלט־רעפאָרמען, וואָס פּרוּוון ווידער אַמאָל זיך דערנענ־טערן צום מקור.

און ביי אונדז אַליין? וויפיל מאָל אין אונדזער געשיכטע, וויפיל מאָל אין אונדזערע שריפטן, ביז איבער די משיחישע באַוועגונגען, ביז אין די מיסטעריעס פון די מקובלים, ביז אין נוסח פון די באַ־גרינדער פון חסידות, האָבן מיר נישט אָנגעטראָפן עפּעס פון יענעם נוסח, פון יענעם גאַנג, פון יענער אַפּאָסטאָלאַט, וואָס עס האָבן גע־טראָגן דער גלילער און זיינע תלמידים?

יידנטום און קריסטנטום האָבן ערגעץ־ווו אין זייער אור־ריינ־קייט אַ טרעף־פּונקט. דעם דאָזיקן טרעף־פּונקט האָט אַש געזוכט. רעאַליזירט האָט ער אים אין „תהילים־ייד". אין אַ געווויסן זין איז דער „תהילים־ייד" מער קריסטלעך ווי די נוצרי ראָמאַנען.

באַלד פון אָנהויב אָן, ווען חסידים קומען אויפן זכר אָנזאָגן די בשורה פון גרויסן געבורט ביז צום סוף, ווען דער תהילים־ייד האַלט אַ דרשה, וואָס איז ענלעכער צו דער בארג־דרשה פון יעזוסן ווי צו רבישער תורה, איבער דער אַפּאָסטאָלישער געשטאַלט פון עזריאלן

און דעם משפט פון חסידישן המון איבער ר׳ יחיאל אין קאָצק, הערשט אין „תהילים־ייד״ אַ „קריסטלעכע״ אַטמאָספער און די געשטאַלט פון ר׳ יחיאלן קען זיך פונקט אַזוי אַריינפּאַסן צווישן די מעשות וועגן הייליקן פראַנץ פון אַסיז, ווי אין אַ דערציילונג פון יידישן שטייגער און דאָך האָט דער „תהילים־ייד״ קיין שום חשד און קיין שום פּאָלעמיק נישט אַרויסגערופן און ער האָט קיינעם נישט שאָקירט. אַש האָט דאָרט אינטואיטיוו דערגרייכט יענעם טרעף־פונקט, ווען ריינקייט און הייליקייט חזרן איבער אין אַלע אומשטענדן און אין אַלע צייטן די זעלבע מעשים און די זעלבע ווערטער.

שאָקירנדיק איז ערשט אַש געוואָרן, ווען ער האָט אָנשטאָט צו זוכן לעבן אָנגעהויבן צו זוכן פּראָבלעמען. ווען ער האָט זיי אָנגעהויבן אַרויסשיילן און אונדז זיי קינסטלעך דערלאַנגען, ווען אַש וואָלט געבליבן טריי זיין קינסטלערישער אינטואַציע וואָלט ער אונדז נישט שאָקירט. נישט די טעמע שאָקירט, נאָר די עמפּינדונג פון אַ טענדענץ.

אין „תהילים־ייד״ האָט אַש דערגרייכט דעם הויכפּונקט און דעם טרעף־פּונקט. ער האָט אים קינסטלעך אַריבערגעשפּרייזט אין די ווייטערדיקע נוצרי־ראָמאַנען. דער פאַלשער שפּרייז האָט אַרויסגערופן די אָנגעגרירטע עמפּינדונג.

עמפּינדונגען זענען שווער צו אַנאַליזירן און עס איז שווער וועגן זיי צו דיסקוטירן, גרויסע טיילן פון פאָלק פילן זיך באַליידיקט, ווי אָפּגענאַרט, און איר קענט זיי נישט אויסטייטשן, אַז זייער עמפּינדונג איז אַ פאַלשע.

אין אירע גרויסע שריפטשטעלער האָט די יידישע לייענער־מאַסע קיינמאָל נישט געזען בלויז די מחברים פון אַזויפיל און אַזויפיל ראָמאַנען, די באַאַרבעטער פון אַזעלכע אָדער אַנדערע „אינטערעסאַנטע״ טעמעס, נאָר אינטימע פריינד, וואָס אינטערעסירן זיך מיט איר לעבן, געפינען דערפאַר אַן אויסטייטש און אַ זין. באַזונדערס איז דאָס וואָר געווען פאַר אַשן, וואָס האָט באַשיינט דאָס שטעטל, און איז מעבר־לים ווייטער נאָכגעגאַנגען זיינע לאַנדסלייט.

זענען דאָס אַלץ בלויז שרייבערישע „טריקן״, אָדער איז עס אַן אויסגעפּילט לעבן פון ליבע און צוגעבונדנקייט ? אויב דאָס איז אַזוי, טאָ צו וואָס גיין זוכן טעמעס ביי פּוילוסן, ביי מאַריע, וועלכע מען וואָגט אָפילו נישט צו פאַרעפנטלעכן אין יידיש ?

אַז אין דער פּערזאָן פון נוצרי אין זיין ריינסטער, נישט קירכ־לעכער געשטאַלט, קען מען דערזען אַ רבי פון גליל, קען ליגן אין דער לאָגיק פון דער געשיכטע, אַז מאַנכע ערטער פון דער עוואַנ־געליע קענען פאַרשיכורן אַ פּאָעטיש געמיט און זיי קענען פאַר אונדז אויפדעקן אַ זייט פון יידנטום, וואָס איז דערנאָך „משקלקלו המינים" גרינטלעך אויסגעוואָרצלט געוואָרן, איז אויך זיכער, אָבער מיט פּאולוסן, דעם רעאַליזאַטאָר און אָרגאַניזאַטאָר פון קריסטנטום, פון דעם, וואָס האָט דער ערשטער זיך אָפּגעוואָנדן צו דער רוימיש־העלענישער וועלט, וואָס האָט געשאַפן די קירך, וועלכער איז אפשר געווען דער ערשטער קריסטלעכער שונא ישראל, מיט אים און מיט מאַריע, אַזוי ווי זי ווערט געגעבן אין דער עוואַנגעליע, האָבן מיר זיכער קיין שום שייכות נישט און אַ יידישער שריפטשטעלער, וואָס איז נישט סתם אַ גוטער באַאַרבעטער פון טעמעס, נאָר אַ טרייער דינער פון זיין פאָלק און אַ טרייסט אין אַן עת צרה האָט ביי די דאָזיקע געשטאַלטן נישט וואָס צו זוכן און זיכער נישט אין אַ צייט פון אַזעלכע נסיונות.

עס איז נישט קיין פראַגע פון טאָלעראַנץ און אומטאָלעראַנץ. אויף דער טעמע פון נוצרי זענען אין די מאָדערנע יידישע און העברעאישע ליטעראַטורן דערשינען מערערע נאָוועלן, ראָמאַנען און ווִיסנשאַפטלעכע ביכער און זיי האָבן קיין שום פּאָלעמיק נישט אַרויסגערופן. נאָר דווקא פון אַשן מיט זיין אידעאַליסטיש־ראָמאַנ־טישן גאַנג לענגאויס זיין גאַנצער רייכער ליטעראַרישער פּראָדוקציע פון אַ האַלבן יאָרהונדערט, האָט מען רעכט זיך צו פילן ווי אַנטוישט און אָפּגענאַרט. עס קומט אויס ווי ער וואָלט וועלן זאָגן: זעט, מיט מיין גאַנצער אמונהדיקייט פון מיין גאַנצן ווערק פון 50 יאָר האָב איך מיך אָט צו דעם מכוון געווען, ווי זיין אייגענער „סמאָלע יידל" אין „תהילים־ייד", וואָס רעדט בלויז פון קדושה און טהרה, אָבער צום סוף „פאַרעדט" ער זיך, אַז די כוונה איז צו שבתי צבי.

אַזאַ איינדרוק קען זיך יעדנפאַלס שאַפן און אַ יידישער שרייבער פון קאַליבער שלום אַש מוז זיך היטן פון אַזעלכע איינדרוקן אַפילו בלויז למראית עין. ווער דען זאָל זיין אָפּגעהיטן פון רייצן געפילן פון זיין פאָלק, אויב נישט זיינע גרויסע שריפטשטעלער?

# י. אַפּאַטאָשוס קינסטלערישע קאָנסטרוקציע פון היסטאָרישער יידישקייט

„איז עס אמת, זיידע, אַז אַמאָל... אַמאָל... זענען דאָ ביי אונדז אין שטאָט געווען אַ סך יידן, זיי האָבן געטראָגן לאַנגע כאַלאַטן און לאַנגע בערד, זיי האָבן באַוווינט גאַנצע גאַסן און פיל הייזער האָבן צו זיי געהערט? און איז וואָר, אַז זיי האָבן געהאַט „בוזשניצעס", און אַז אָט אָ דער בית־עלמין מיט די עטלעכע צעבראָכענע מצבות איז געווען זייער בית הקברות?" אַזעלכע בערך קשיות פרעגן — אין אַ דערציילונג פון י. אַפּאַטאָשו מיטן נאָמען „יידן־לעגענדע" — די קליינע פוילישע שקצימלעך דעם אַלטן פּאַראַליזירטן מאַרטשין, אַמאָליקער שומר פון יידישן בית־הקברות און אַמאָליקער שבת־גוי פון מלאָווע.

יידן אין פוילן זענען שוין, הייסט עס, אַ לעגענדע, אַ מעשה, וואָס זיידעס דערציילן פאַר זייערע אייניקלעך. די טויזנט־יעריקע לעגענדע פון פּה־לין איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טראַגישערווירקלעכקייט פון פּה־נטמן.

דאָס בוך, פון וועלכן „יידן־לעגענדע" איז די לעצטע דערציילונג, איז דאָס יינגסטע לעצט־דערשינענע בוך פון י. אַפּאַטאָשו, און טראָגט אויך דעם נאָמען „יידן־לעגענדע" ווי די לעצטע דערציילונג. איך וועל אָבער, גלויב איך, זיכער נישט האָבן קיין טעות, ווען איך וועל אין די זעלביקע ווערטער „יידן־לעגענדע" פון אַלגעמיינעם טיטל אַריינלייגן אַן אַנדערן זין און פּשט, ווי אין די ווערטער, ווען זיי באַטיטלען בלויז די דערציילונג.

אין דער דערציילונג מיינט יידן־לעגענדע סוף, אונטערגאַנג: אין פוילן זענען יידן שוין בלויז אַ לעגענדע; אין אַלגעמיינעם טיטל

מיינען די זעלבע ווערטער: לעגענדע פון קיום, לעגענדע פון יידן, אייביקע לעגענדע פון אייביקן יידן.

מען קען צו אַפּאַטאַשוס שאַפונגען נישט צוגיין, נישט צוגרייטנ־דיק זיך פריער דעם קריטעריום פון אַ וועלט־באַנעם. מען קען אים נאָר באַנעמען און פאַרשטיין ווען מען מעסט אים מיט דער מאָס פון זיין אייגענער היסטאָריעזאָפיע, פון דער אידעע איבער אַ יידיש־קייט, וואָס האַלט איין איר תוכיקן אייגנאַרט דורך אַלע גלגולים און וואַנדערנישן איבער תקופות און קאָנטינענטן, מעג זי אין פאַרשידענע צייטן און דורות בייטן איר פאָרם, איר אויסערלעכן לבוש.

אַלע זיינע ראָמאַנען, אַלע זיינע דערציילונגען, אַלע זיינע נאָ־וועלן און עסייען זענען אַזוי געשאַפן, ווי זיי וואָלטן געווען קאַפּיט־לעך פון אַ טעזע. די טעזע פון: יידן ווי אַ וועלט־פאָלק און ווי אַן אייביק פאָלק.

דער וועלט־באַנעם קומט צום אויסדרוק אין אַפּאַטאַשוס ווערק, נישט ווי אַ קינסטלעך צוגעטשעפּעטע טענדענץ, נאָר דורך שאַפן אַטמאָספער, רוים, לופט און היסטאָרישן קלימאַט אין וועלכע דער קינסטלער סיטואירט זיינע פּערסאָנאַזשן און סביבות, אָן וועלכע עס וואָלט נישט מעגלעך געווען די קינסטלערישע וואַרהאַפטיקייט.

יידישע געשיכטע איז נישט פאַר אַפּאַטאַשון עפּעס אַ ווייט גע־ביט, וווהין מען מאַכט איינצלנע ראָמאַנטישע „ליטעראַרישע" עקסקורסיעס. זי מיינט פאַר אים איינהייטלעכער קלימאַט, טעריטאָ־ריע, אויסגעשפרייט מער אין צייט, ווי אין אָרט, וואָס אַמאָל נעמט זי אָן די פאָרם פון שטח, וואָס גאָט האָט לויט דער אגדה, צונויפגעוויקלט אונטער יעקבן, און אים געזאָגט: „אָט דאָס אַלץ איז דיין", און אַמאָל נעמט זי אָן די צורה, פון אַ פונאַנדערגעוויקלטער מגילה, ווי די, אין וועלכער משה האָט לויט דער אגדה געקוקט און געזען דור דור ודורשיו, דור דור ושופטיו.

עס איז פאַר אַפּאַטאַשון גאַנץ נאַטירלעך, אַז דאָס זעלבע בוך „יידן־לעגענדע" זאָל זיך אָנהויבן מיט אַ מעשה, וואָס געשעט אין אַלעקסאַנדריע של מצרים, און זיך ענדיקן מיט אַ מעשה אין מלאַווע, און איז מיטן זאָלן אַריינקומען דערציילונגען פון מיינץ און ווארמס, פון גער און אַלעקסאַנדער, פון ווינער געטאָ און וואַרשעווער טרע־גערס. עס שאָקירט אפילו נישט, ווען ער לאָזט שפּאַצירן בן סיראַס

איניקל אויף די „עוועניוס" פון אלכסנדריה של מצרים, זענען דען נישט די טומלדיקע עוועניוס פון יידישן ניו־יאָרק, דער דורות־שפיגל פון יידישן שאַפערישן טעמפעראַמענט, וואָס קאָכט, זידט, ברענט און ווערט נישט פאַרברענט אין לויף פון תקופות און פון לענדער?

אָפּאַטאָשו איז נישט ראָמאַנטיש, און נישט פּאַטעטיש, ער אידע־אַליזירט נישט זיינע געשטאַלטן, און זוכט נישט קיין אויסטערלישע סיטואַציעס. אַ סך פון זיין קינסטלערישער מי, האָט ער פאַרווענדט צו שאַפן אַ פאַראיינהייטלעכונג פון געשיכטלעכן קלימאַט. דאָס דערגרייכט ער נישט דורך קינסטלעכע אופנים, נאָר דורך אַ דערגראָבן זיך צום קאָלעקטיוון כאַראַקטער און קאָלעקטיווער פּסי־כיק פון יידישן פאָלק איבער תקופות און לענדער. ווען ער דער־גרייכט דעם פּאַסיקן גראַד פון געשיכטלעכן קלימאַט, קען ער אין אים סיטואירן דעם תנא ר' מאיר און דעם רמ"א, דעם ש"ך אָדער ט"ז, און אַ טשעקיסט, וואָס איז פאַרבענקט נאָך אַ רבניש ספר, (אין יאָר 1928 האָט אַזעלכעס נאָך עקזיסטירט), ברוריה אשת ר' מאיר און מאַדאַם בליאש. ביי דער גאַנצער פאַרשידנקייט פון די געשאַ־פענע געשטאַלטן און סיטואַציעס, קומט אומעטום צום אויסדרוק איין פּסיכיק, איין גורל, שטענדיקער בייט פון לעגענדע אוןווירקלעכקייט.

אין זיין היסטאָרישן ראָמאַן „רבי עקיבא" האָט י. אָפּאַטאָשו אפילו דערפירט די פאַראיינהייטלעכונג פון קלימאַט ביז צו דער ניוועליזירונג און פאַראַקטואַליזירונג פון דער שפּראַך. יצחק סחורה רעדט ווי אַ היינטצייטיקער „איינגייער" אין גבירישע שטובן, די טעכטער פון העלעניזירטן נגיד פלאַפּלען ווי וואַרשעווער פּאַניענ־קעס, בר קבוסהס וויב מאַכט די זעלבע „וויבערישע" שטיק, וואָס אַ היינט־צייטיקע חסידיש־גבירישע יידענע. די קנעכט און די אמעראצים שעלטן ווי מלאַווער פישערס. עס איז אַ פאַראיינהייט־לעכונג פון נוסח, וואָס העלפט צו שאַפן די טעמפּעראַטור פון „איי־ביקער יידישקייט".

און פאַרוואָס נאָכאַלעמען האָט דער ייד אין דער רבי עקיבא־עפּאָכע, נישט געזאָלט זיין דער זעלבער וואָס היינט? איז דאָך דאָס יידישע פאָלק, אַזוי ווי מיר האָבן עס נאָך געקענט אין פוילן פאַרן אונטערגאַנג, דאָס אויסגעשמידטע ווערק פון די פרושים. אין דער לאַנגער עפּאָכע פון די תנאים ביז כמעט צו אונדזערע צייטן האָט

דאָס יידישע פאָלק שוין נישט דורכגעמאַכט אַזעלכע טיפע טראַנס־
פאָרמאַציעס, ווי אין דעם פיל קורצערן צייט־אָפּשניט פון די נביאים
ביז צו די תנאים. עס איז זיך לייכטער פּסיכאָלאָגיש פאָרצושטעלן
אַ טיפע פאַרשטענדעניש אין אַלע ענינים פון דער וועלט צווישן אַ
תנא, לאָמיר זאָגן, ווי רבי מאיר און אַ גאון התורה פון פוילן, ווי
צווישן אַ תנא און אַ נביא, וועמען עס שיידט אַ קורצערער פּעריאָד און
כאָטש דער ערשטער האָט זיך דאָך אינגאַנצן אָנגעלענט אין זיינע
חידושים אויפן פּסוק און וואָרט פון נביא.

די פּראָבלעמען אין אונדזער צייט האָבן זיך אויך געשטעלט די
זעלביקע, וואָס אין דער ר׳ עקיבאַ — בר כוכבא תקופה. האָט דעם
קינסטלער און ערודיט י. אָפּאַטאָשו יענע עפּאָכע באַזונדערס גע־
לאָקט ווי אַ באַשטעטיקונג אויף דער איבערחזרונג און במילא אייבי־
קייט פון דער יידישער פּראָבלעמאַטיק. ער האָט דאָ געפונען אַ ברייטע
מעגלעכקייט אַריינצוגעבן אין מויל פון זיינע היסטאָרישע געשטאַלטן
די קאָנצעפּציעס, וואָס זענען אים טייער, וועגן יידנטום אַלס וועלט־
פאָלק מיט אַ וועלט־שליחות, וועגן דער שטענדיקער עקזיסטענץ
פון אַ יידישער פאָלקס־שפּראַך נעבן העברעאיש א. אַז. וו.

פון דער אַקטועלקייט פון די פּראָבלעמען ביז צו דער פּראַק־
טואַליזירונג פון דער שפּראַך און התנהגות איז אַ לאָגישער שריט,
וועלכן דער מחבר האָט גאַנץ באַוווסטזיניק געמאַכט.

זעלטן ווער פון אונדזערע קינסטלער, איז אַזוי מעור־אחדיק,
אַזוי איינהייטלעך און האַרמאָניש ווי אָפּאַטאָשו. עס שיקט זיך אפילו
נישט בנוגע אים צו רעדן פון קינסטלערישער אַנטוויקלונג. ער איז
שוין אין „די פּוילישע וועלדער” אַזוי קינסטלעריש רייף און קערנ־
דיק, ווי אין „ר׳ עקיבא”, און זיינע דערציילונגען פון די 20־קער
יאָרן האָבן שוין די זעלבע קינסטלערישע און קאָנצעפּציאָנעלע
כאַראַקטער־שטריכן, וואָס די סאַמע לעצטע.

אָפּאַטאָשו שאַפט נישט ווי שלום אַש קיין „מוסטערן” מיט נאַ־
ציאָנאַלע אייגנשאַפטן, ער שאַפט נישט קיין געשטאַלטן, וואָס פאַר־
קערפּערן אמונה און ביטחון... אמונה און ביטחון זענען נישט פאַר אים
אַ פּריאָרי־אייגנשאַפטן נאָר אַ קאָנסעקווענץ פון אַ באַזונדערן גע־
שיכטלעכן גאַנג.

ער איז אויך נישט ווי פּרץ אַן איבערפאַרמירער און עסטעטי־זירער פון אַלט־יידישקייט. ער שאַפט נישט „פאָלקסטימלעך" און „חסידיש", נאָר ער גיט פאָלק און חסידות. ווען אין אַ דיאַלאָג צווישן צוויי טרעגערס אין וואַרשע אין די צייטן פון פשיסכע, (אין „יידן־לעגענדע") זאָגט איינער פון זיי פשט אויף „ויכרתו שניהם ברית", אַז דאָס מיינט מען, אַז אברהם און אבימלך האָבן געשלאָסן ברית צו בלייבן צוויי (שניהם) און נישט איינס, קען מען מסופק זיין, צי טרע־גערס האָבן טאַקע אַזוי גערעדט, אָבער מען קען נישט מסופק זיין, אַז טרעגערס ווי בכלל דאָס פשוטע פאָלק זענען פונקט ווי דער למדן געווען באַהאָפטן אויף זייער אופן אין דער גאַנצער סטרוקטור פון יידישקייט.

די דאָזיקע סטרוקטור אין איר גאַנצקייט, אין איר נאַטירלעכ־קייט, און איר המשכדיקייט רעאַליזירט אונדז קינסטלעריש י. אָפּאַ־טאַשו אין אַלע זיינע ווערק.

דעם וועלט־באַנעם, וואָס אָפּאַטאַשו רעאַליזירט קינסטלעריש אין זיינע היסטאָרישע ראָמאַנען און קורצע דערציילונגען באַגרינ־דעט ער טעאָרעטיש אין זיינע עסייען.

דאָרט שטרעבט אָפּאַטאַשו צו באַווייזן דעם סינטעז אין יידישן לעבן, וועלכער פאַרפליכטעט אונדז צו ליבע צו מדינת ישראל און צום פאָלק באשר הוא שם; צו דער היסטאָרישער שפּראַך, וואָס איז ווידער געוואָרן אַ גערעדטע און צו דער גערעדטער, וואָס קיינער וועט זי קיינמאָל נישט קענען אויסשטרייכן פון אונדזער היסטאָריע, ווי מען האָט נישט געקענט אויסשטרייכן אַרמיש.

צווישן ערשטן און לעצטן עסיי, פאַרעפנטלעכטע אין קליינעם אָבער אינהאַלטרייכן ביכל „יידן און יידישקייט" ליגט אַ מהלך פון 26 יאָר. דער עסיי „שלמה מולכו און שבתי צבי" איז געשריבן אין יאָר 1922, דער עסיי „די אידעע פון יידיש און יידישער ליטעראַ־טור" — אין יאָר 1948. דאָס איז בלויז אַ מהלך פון 26 יאָר לויט אונדזער אָרעמער מאָס פון קאַלענדאַר־צייט אָבער וויפל תקופות פון אונטערגאַנג און יאוש, פון גאולה און קיום־האָפענונגען ליגן צווישן אָט די צוויי דאַטעס! זענען עס דען נישט לויט איבערלעבונג און געשיכטלעכע דערפאַרונגען, גאַנצע דורות פון יידישער געשיכטע? שפּאַניע, בבל און חורבן ירושלים צוזאַמענגענומען? און זענען עס

נישט פון דער צווייטער זייט יאָרן פון דערפילטע האָפענונגען פון גאַנצע דורות, פון גאולה־טרוימען אוןווידערגעבורט־ווייען פון גאַנצע תקופות? און דאָך... אָפּאַטאָשוס וועלט־קוק איז דערפון נישט אָנגערירט... עס זעט אויס פאַרקערט: ווי די גאַנצע יידישע געשיכטע, וואָס ליגט צווישן די יאָרן 1922 און 1948, אַזוי צונויפגעפרעסט און קאָנדענסירט מיט איר גאַנצער טראַגיק פון פאַרטיליקונג פון איין זייט און אינסטינקטיוון רייסן זיך צו המשך און קיום פון דער צווייטער, האָבן געשטאַרקט ביי אָפּאַטאָשון זיין „אני מאמין" אין אַ יידיש פאָלק ווי אַן אייביק פאָלק און ווי אַ וועלט־פאָלק.

דער מחבר פון „רבי עקיבא" פאַרניינט נישט חלילה מדינת ישראל. ווי קען ער עס? ער, וואָס איז נישט מוותר אויף קיין שום אויפטו פון יידישן פאָלק אין זיין גאָרן היסטאָרישן גאַנג? דער אויפקום פון מלוכהשאַפט איז קודם כל פאַר אים אַ באַווייז פון באַנייטער ענערגיע נאָך דער קאַטאַסטראָפע, פון אַ נייעם שוווּנג פון לעבנס־ווילן נאָכן מבול. מדינת ישראל איז דער סימן פון נישט אָפּגעשוואַכטן אייביקן דראַנג צום לעבן פון יידישן פאָלק, פונקט ווי די תפוצות, וואָס בלייבן, ווי זיי זענען געבליבן אויך ביים בית שני, זענען אַן אויסדרוק פון וועלט־כאַראַקטער פון יידישן פאָלק.

די מיאוסקייטן פון גלות? איך גלייב נישט, אַז אָפּאַטאָשו איז זיך מכוון זיי מבטל צו מאַכן מיטן בלויזן שפרונג פון שינוי השם, — מיט „פריווילעגיע פון פיין". מער נישט, וואָס אָפּאַטאָשו גייט פאַר אַלעמען אָן דאָס וואָס קומט פון יידישן אינעווייניק און נישט פון שכנישן אויסנווייניק. און די מיאוסקייטן קומען דאָך נישט פון יידישן אינעווייניק. פון אים קומט דאָך בלויז די אידעע פון לעבן להכעיס אַלע אומשטענדן, די אידעע פון אַ פאָלק, מחוץ אַ מדינה, אפילו אָן אַ מדינה, אפילו צעזייט און צעשפרייט, די אידעע פון אַן עקזיסטענץ אין אַ ירושלים של מעלה.

דער נצח ישראל ברויכט פאַר זיין עקזיסטענץ פאַרשידענע כוחות און באַנוצט זיך מיט זיי אין פאַרשידענע צייטן; „אַמאָל מיט כוח פון אַ יוחנן מגוש חלב און אַ צווייט מאָל מיטן כוח פון אַ יוחנן בן זכאי".

דיביידע כוחות האַלטן אין אָנגעמען פאַרשידענע פאָרמען און געשטאַלטן; האָבן די כוחות געמעגט זיין „משיח בן יוסף און משיח

בן דוד, האָבן זיי געמעגט זיין די מלחמה פון גוג ומגוג און די „אתחלתא דגאולה״, האָבן זיי געמעגט זיין ארץ־ישראל און דער גלות״.

„דער נס פון ישראל — זאָגט אָפּאַטאַשו צום סוף פון זעלבן עסיי „קיום — נישט אונטערגאַנג״ — איז דער נס פון יידישקייט, וואָס דאָס גאַנצע פאָלק טראָגט אין זיך״.

יידן ווי אַ וועלט־פאָלק און ווי אַן אייביק פאָלק, אין דער אמתן איז דער פּראָבלעם פון פאָלק („עולם־וועלט, עולם־אייביק״ — זאָגט אַ יידיש ווערטל) ביי אָפּאַטאַשון מער ווי אַ קאָנצעפּציע, עס איז זיין נאַציאָנאַלער קרעדאָ, עס איז גלויבן אין די אייביקע, גייסטיקע כוחות פון יידישן פאָלק, וואָס אַמאָל נעמען זיי אָן די צורה פון מדינה, אַמאָל פון רעליגיע, אַמאָל פון געשאַפענע פאַנצער־מכשירים אין געשטאַלט פון שפּראַך און ליטעראַטור; וואָס אַמאָל זענען די אָפּהיטער פון די כוחות די נביאים, און אַמאָל די פּרושים, אַמאָל חסידות און אַמאָל די יידישע ליטעראַטור, וואָס פון די מוסר ספרים און צאינה וראינה איבער ר׳ נחמנס מעשיות ביז צו דער היינטציי־טיקער ליטעראַטור האָט זי נישט עפּעס אַנדערש געטון ווי פאַרפּאַנ־צערט יידן אַקעגן אונטערגאַנג. עס איז אַ שטענדיקער דראַנג צו לעבן און יעדער דור שאַפט אין זיך און פון זיך די כוחות און די פּאַסיקע מיטלען פאַרן לעבן פון דער תקופה.

עס הייסט: אוודאי האָט דאָס לעבן אַ ס ך אָפּגעלייקנט פון אונדזער בטחון, עס האָט אָבער אויך אַ סך באַשטעטיקט. די אָפּליי־קענונג איז חל בלויז אויף תקופות און טיילן פון פאָלק. די באַשטע־טיקייט איז חל אויף אייביקייט און אויפן פאָלק אַלס גאַנצעס.

אָפּאַטאַשו האָט אין זיין גאַנצן ליטעראַרישן ווערק קאָנסטרו־אירט די קינסטלערישע געביידע פון דער יידישער געשיכטע, זי האָט מער וואַרשיינלעכקייט ווי די קאָנסטרוקציע פון די היסטאָרי־קער־וויסנשאַפטלער.

# לייוויק, לויט פירוש ניגער

אויפן עמוד ב׳ פון זיין 500־זייטיקן ספר וועגן ה. לייוויק און זיין ליטעראַרישן ווערק פון אָנהויב ביז איצט, מאַכט דער מחבר פון בוך ש. ניגער אַזאַ אגב־אורחאדיקע באַמערקונג וועגן קריטיקער: „דער קריטיקער, דער אידעאַלסטער אפילו (אַלץ איינס צי ער ווייסט דערפון אָדער נישט) איז סוף כל סוף נישט מער ווי אַ לייענער, וואָס דערוועגט זיך צו ווערן אַ שרייבער״. זעט מיר די באַמערקונג אויס ווי אַ צופיל עניוותדיקע קודם כל פאַרן מחבר אַליין און אַביסל ווערט־פאַרמינערעוודיק פאַרן קריטיקער בכלל. גיכער וואָלט מען אפשר דעם געדאַנק אַזוי באַדאַרפט פאָרמולירן: „פון אַלע מינים שרייבער איז דער קריטיקער דער איינציקער, וואָס מוז אויך זיין אַ לייענער״.

און ש. ניגער איז טאַקע אַ לייענער. שוין כמעט אַ יובל יאָרן, ווי ער לייענט און באַדינט (וואָסערע ערן־ראָל) די יידישע ליטעראַטור און אירע שאַפער, ווי אַ קריטיקער און אויסטייטשער, ווי אַ ביאָגראַף און מאָנאָגראַף, ווי דער אַנטפלעקער פון אין באַוואַכער איבער אַלע באַטייט־האָבנדיקע געשעענישן און אויפטוען אויפן גאַנצן אויסגעשפרייטן שטח פון מלכות יידישער ליטעראַטור. ער איז אַ ראשון צווישן אירע מפורשים און ראשון מיינט דאָך נישט בלויז אין צייט, עס מיינט אויך אויטאָריטעט. עס מיינט בר־סמכא, פאַך־ און זאַכקענער.

ש. ניגער איז פּראָפעסאָריש און פּראָפעסיאָנאַל. דאָס מיינט לומדות, בקיאות און געניטשאַפט, עס מיינט אויך סכנה פון אויטאָמאַטיזירונג און מעכאַניזירונג פון געדאַנק. ניגער איז די סכנה גובר דורך אויסברייטערן דעם באַהאַנדלטן ענין אין אַלע ריכטונגען דורך

דערנענטערן זיך צום אַנאַליזירטן ווערק פון פאַרשידענע זייטן, צו־לאָזנדיק כסדר נייע צופלוסן פון פירושים און סברות.

עס טרעפט אָפט, אַז עס חזרט זיך איבער דער הויפטגעדאַנק, אָבער דאָס איז לשם הסברה, צום אונטערשטרייכן, צום אַקצענטירן. ש. ניגער איז אַן אויסטייטשער־פּעדאַגאָג. ער האָט ליב צו טייטשן און דעם טייטש איינצוחזרן. ווי „אַ לייענער, וואָס דערוועגט זיך צו ווערן אַ שרייבער" ווענדט ער זיך דירעקט צום לייענער, טיילט זיך מיט אים מיט די באַקומענע איינדרוקן, און ווי אַ געניטער וועג־ווייזער פירט ער אים איבער גלייכע און גלאַטיקע וועגן, אָן קולות וברקים אָבער אויך אָן בלאַנדזשענישן, אפשר אָן איבערראַשונגען, אָבער אויך אָן מכשולים. ער איז דער פּירוש רש"י פון אונדזער יידישער ליטעראַטור: פּאָלקסטימלעך, קלאָר, לאָגיש, דידאַקטיש, סיסטעמאַטיש, מעטאָדיש.

מיט די אַלע אויסגערעכנטע גוטע מידות שתורת הליטעראַטור נדרשת בהן, פּלוס אַרבעטזאַמקייט און געדולד, מדות, וואָס ווערן וואָס אַמאָל זעלטענער און פּלוס נאָך ליבע צום ענין און פאַרערונג און באַוווּנדערונג צום באַהאַנדלטן דיכטער, האָט ש. ניגער אויפגעשטעלט אַ מאָנומענטאַלן פּירוש אויף דעם גאַנצן שאַפן און ערב שאַפן (ווי דער מחבר אַליין דריקט זיך אויס) פון ה. לייוויק. טריי פאָלגט דער קריטיקער נאָך די טריט פון דיכטער אין לעבן און אין דער ליטעראַטור, נישט אַראָפּלאָזנדיק פון אויג די פאַרבינ־דונג צווישן זיי, די איינפלוסן און די ווירקונגען פון די איבערלעבע־נישן אויפן שאַפן, איבערהויפּט פון די גאָר ערשטע איבערלעבע־נישן, פון דעם ערשטן שטויס, דעם „ערשטן באַוועגער", וואָס פאָר־מירט אויף אייביק דעם כאַראַקטער און די פּסיכיק פון מענטש, און אַ פּשיטא שוין פון סענסיטיוו־עמאָטיווע נאַטורן.

איך האָב נאָר וואָס דערמאָנט די טריישאַפט, מיט וועלכער דער מפרש פאָלגט נאָך די טריט פון דיכטער „אין לעבן און אין דער ליטעראַטור". דער ערשטער צונויפטרעף צווישן דעם דיכטער און זיין אויסטייטשער איז פאָרגעקומען אַ סך פריער ווי אין דעם בוך, נאָך אַפילו מיט אַ סך יאָרן פריער, איידער זיי האָבן זיךביידע שוין מיט עטלעכע צענדליק יאָר צוריק צונויפגעטראָפן אין אַמעריקע. דער ערשטער נישט באַשטעלטער „ראַנדעוווּ", פון וועלכע ביידע

האָבן אגב דעמאָלט קיין אַנונג נישט געהאַט, איז פאָרגעקומען אין דער תפיסה פון מינסק.

עס איז געווען די צייט, ווען יונגע עמפינדלעכע מענטשן, ווען יונגע פילבאַרע יידן האָבן נישט אַקצעפּטירט דעם סדר העולם, נישט פאַר דער וועלט, נישט פאַר זייער פאָלק און נישט פאַר זיך, אָפּט נישט אָפּגעבנדיק זיך אַליין קיין חשבון, פאַר וועמען פריער זיי אַק־צעפּטירן אים נישט. מען האָט גענומען שטעלונג, שטעלונג בפועל ממש, מיט לייב און לעבן, איידער מען האָט שפּעטער גענומען שטע־לונג מיט דער פען.

נישט בלויז זענען דעמאָלט דער דיכטער און דער קריטיקער נאָך געווען יונג, זייער יונג, נאָר די גאַנצע וועלט איז דאַכט זיך געווען אַ סך, אַ סך יינגער. פריילינגדיק און פריש־טויאיק האָט נאָך אויסגעזען די ערד. פול מיט גלויבן און דערוואַרטונג איז נאָך פול געווען דער יונגער מענטש. עס איז געווען גוט זיך איינצושפּאַנען אין עול פון דער געזעלשאַפט, צו נעמען אויף זיך מיטן פרייען ווילן דעם יאָך פון מאַרטירער, צו באַווייליקן זיך אַליין ווי אַ קרבן.

„אויף אייביק, זאָגט ניגער (זייט 75), האָבן זיך די תפיסה־שליסלען איינגעקריצט אין דעם פּאָעטס זכרון. די קערפּערלעכע וווּנדן האָבן איבערגעלאָזט אַ וווּנד אין זיין נשמה. ער האָט נישט געקענט פאַרגעסן די פּיין, די יסורים, וואָס ער האָט געליטן — פריער אין די קינדער־יאָרן, אין דער אָרעמער היים ביי זיך — און דערנאָך — אין תפיסה און אויף קאַטאָרגע. אַזוי, אַז דער ענין ליידן האָט אָנגעפילט די לופט פון שיער נישט זיין גאַנץ שאַפן. פּיין, פּיי־ניקונג איז געוואָרן, קאָן מען זאָגן, אַן אָרגאַנישער טייל פון זיין פּאָעטיש־פּסיכישן אויסלעבן זיך. עס האָבן זיך געפונען אַפילו אַזוינע, וואָס האָבן זיך פאַרנומען צו רעדן וועגן לייוויקס „מאַזאָכיסטישע נייגונגען".

און ווייטער אַביסל איז ניגער מוסיף ווי אַן איבריקע — ווי עס דאַכט זיך מיר אויס — פאַרענטפערונג: „אָבער די אַלע חלומות און פאַנטאַזיעס פון פּייניקונג און זעלבסטפּייניקונג זענען מסתמא מעגלעך און אומפאַרמיידלעך געווען, אַ דאַנק דער וואָר פון האָבן געפּייניקט געוואָרן".

צווישן די ווייטערדיקע ביאָגראַפישע עפּיזאָדן, וואָס דער מחבר

פון לייוויק־בוך שטעלט אָן ווי רעפלעקטאָרן צו באַשטראַלן דעם שאַפּוועג פון דיכטער, איז דאָ איינער, אַ מאָוימדיקער אין זיין גרויס־קייט און גרויס אין זיין פּחדימיקייט: דער מאַרש פון דיכטער איבער די ענדלאָזע שניי־סטעפּעס פון סיביר, (ווען ער איז פון דאָרט אַנט־לאָפן). „איינער אַליין שלעפּט ער זיך וואָכן און חדשים מיט אַ פּערדל און אַ שליטן, וואָס מען מוז נאָך מיטן רעשטל פון די אייגענע ביסל כוחות אונטערשטופּן, זיך צו מאַכן אַ וועג צווישן די הויכע קרישטאָ־לענע שניי־מויערן". און דער מחבר פרעגט: „ווער נאָך פון אונדזערע פּאָעטן האָט עס דורכגעלעבט? ווער נאָך האָט עפּעס ענלעכעס גע־הערט און געזען? ווער נאָך קען זיך דערמאָנען אין אַזוינע טעג און נעכט פון זיין אַליין מיט דער נאַטור? פון שטיין פּנים אל פּנים מיט אירע שטילקייטן, מיט אירע שטראַלנדיקע שיינקייטן און פינצ־טערע געפאַרן?"

באמת, ווער האָט עס איבערגעלעבט און דורכגעלעבט, אַפילו פון די, וואָס האָבן עס מיטגעלעבט?

ש. ניגער האָט געהאַט מיט לייוויקן אין אַ געוויסן זין אַ פּאַראיינפאַכטע און פאַרלייכטערטע אויפגאַבע: עס איז שווער צו געפינען אַ צווייטן יידישן דיכטער מיט אַזאַ בולטער דיכטערישער פיזיאָנאָמיע, מיט אַזאַ טעמאַטישער קאָנטינואיטעט, מיט אַזאַ אידע־אישן המשך איבער אַלע זיינע ווערק ווי ה. לייוויק. אויב ה. לייוויק האָט געגעבן ניגערן מאַטעריאַל פאַר אַ גאַנץ ספר מיט אַזאַ פאַרנעם, איז עס אַ דאַנק דער רייכקייט פון דער דיכטערישער פּראָדוקציע, דער אַנגעלאָדנקייט, וואָס עס טראָגט אין זיך במילא יעדע סימ־באָליק, אַ דאַנק דער רייכער ניואַנסירונג פון דער „איינער" טעמע, מיט איין וואָרט צוליב דער פאַרשידן־פּנימדיקייט פון דער טעמע, אָבער בשום אופן נישט צוליב די פאַרשידנקייטן פון פון די טעמעס און נישט צוליב די פּסיכישע ענדערונגען, וואָס האָבן געקענט פאָרקומען — אָבער זענען נישט פאָר־געקומען — אין וועלט־באַנעם פון דיכטער און געקענט גורם זיין צו אַנטשפּרעכנדיקע ענדערונגען אין די פּאָעטישע אויס־דרוק־מיטלען. לייוויק — ווי אַלע אויטענטישע גייסטער (קינסטלע־רישע אָדער פילאָזאָפישע) איז שטענדיק געווען און איז געבליבן דורכגעדרונגען, באַהערשט, „באַזעסן" אַפילו פון איין אַנגסטיקן

וועלט־קוק, באַאומרואיקט פון איין עגבערנדיקער פּראַגע, וואָס נאָר זי פילט אויס אַלע זיינע געדאַנקען, אַלע זיינע געפילן, אַלע וויזיעס און חלומות, אַלע שטימונגען און געמיט־צושטאַנדן. דאָס גאַנצע שאַפן לייוויקס איז אַ מאָזאַאיק פון וואַריאַנטן אויף איין טעמע, ניואַנסירטע וואַריאַציעס אויף איין לייט־מאָטיוו. דער לייט־מאָטיוו, די באַאומרואיקנדיקע פראַגע, די אַנגסטיקע „טעמע" — זי איז: דאָס כישוף־ראָד, וואָס דרייט מיט זיך דעם קרבן און דעם הענקער, דער געראַנגל צווישן קרבן, וואָס קאָן מאָרגן ווערן הענקער און הענקער, וואָס איז נעכטן געווען קרבן. די גאולה, זי ווערט דאָך טראַגיש, נישט בלויז מיט אירע חבלי לידה, נאָר מיט איר נישט־ווערן גלייך ביים ערשטן באַווייזן זיך, ווי נאָר ס'בייטן זיך די ראָלן פון אויסלייזער מיטן אויסגעלייזטן, מיט דעם, „וואָס דער אויסלייזער לייזט זיך נישט אויס". געוויס, משיח בלייבט, ער איז אייביק און ערגעץ וויט געפינט ער זיך. איז עס דען אָבער מער, ווי די אידעע פון גאולה, ווי דער סימבאָל פון גאולה, וואָס נאָר דאָס בלייבט שטענדיק נאָך יעדן פּרוּוו? ער אָבער, דער גואל, וואָס באַווייזט זיך, איז ער דען נישט שטענדיק אַ פאַלשער משיח?

מ'קאָן מיט די לעצטע עטלעכע שורות, וואָס זענען מיין אייגענע אינטערפּרעטאַציע, יאָ אָדער נישט מסכים זיין. אָבער זיכער איז, אַז לייוויק איז כמעט איין־טעמעדיק, און דווקא דאָ ליגט זיין גרויסער געדאַנקלעכער ערנסט. אין זיינע אייגנאַרטיקע מיטלען די טעמע אַזוי רייך צו ניואַנסירן, ליגט זיין דיכטערישע קראַפט. ניגער אַליין באַ־טאָנט אָפט די אידעאישע המשכדיקייט ביי לייוויקן און שטרייכט אונטער די פעדים, וואָס ציען זיך איבער אַלע לייוויקס ווערק פון די סאַמע יונגסטע שאַפונגען, פון ליטעראַרישן בוסר ביז צו די סאַמע פולקאָמסטע, פון „משיחס קייטן" ביז איבערן „גולם", צום „מהרם מרוטנבורג" און די „חתונה אין פערנוואַלד".

ער באַטאָנט עס, און דאָך האַלט עס אים נישט אָפּ צו רוברי־קירן און פעריאָדיזירן לייוויקס שאַפונגען, אַריינצושטעלן צווישן זיי מחיצות און עטיקעטן: דאָ געפינען זיך „איך־לידער" פון דער דאַטע ביז יענער, דאָ כלל־לידער פון — ביז אַן אַנדערער דאַטע. דאָ הייבט זיך אָן אַ „פעריאָד פון באַאומרואיקונג", וואָס דויערט אַזויפיל און אַזויפיל צייט נאָך וועלכן עס קומט „אַ פעריאָד פון באַרואיקונג".

איז עס איבערגעטריבענע נייגונג צו מעטאַדיק, איז עס פּראָפּע־סאָריש־פּעדאַנטישע ליבע צו אָרדענונג, וואָס שטויסט אַזוי ניגערן אַריינצוקלאַמערן די שטימונגען און וויזיעס פון דיכטער אין תקופות, אונטער־תקופות און ווו עס איז אַנדערש נישט געווען מעגלעך — אויך אין צוריק־תקופות? מ'וואָלט געקענט אַזוי מיינען און פונדעסט־וועגן נישט לייגן דערויף מער אויפמערק ווי עס פאַרדינט אַ טעכ־נישע רובריקאַציע. אָבער ניין, ש. ניגער ציט דערפון אַרויס אַ מסקנה, וואָס באַלד אין אַנהויב באַטאָנט ער איר וויכטיקייט און אין דער רעזומע חזרט ער זי ווידער איבער, אַחוץ וואָס ער שטרייכט זי עטלעכע מאָל אונטער אין מיטן פון טעקסט.

„איינער פון מיינע הויפּט־צילן, שרייבט ניגער אין אַריינפיר, איז צו ווייזן, ווי לייוויקס קינסטלערשאַפט, ווי די מאַכט פון זיין פּאָעטישן וואָרט איז געוואַקסן אינאיינעם מיט זיין גלויבן אין לעבן און זיין אָפּטער זאָגן אים „יאָ", ווי זיין פּערז איז געוואָרן אַלץ אָנגעּ־לאָדענער, פולער, רייפער און רייכער, וואָס באַשטימטער עס איז געוואָרן זיין „יאָ" און וואָס איינגעשפּאַרטער זיין קאַמף פאַר „יאָ".

צום גליק איז דער כלל, וואָס ניגער ציט אַרויס, נישט קיין גרונט־הנחה אויף וועלכער עס איז באַזירט די גאַנצע אַרכיטעק־טאָניק פון זיין בוך. דאָס בוך איז געבויט ווי אַ סעריע געביידעס, ווי אַ בלאָק פון בנינים און נעבן־בנינים, וואָס יעדער איינער פון זיי שטייט אויף אַן אייגענעם פונדאַמענט. דער כלל, כאָטש ער האַלט אים אַלס תוכיק פאַר לייוויקן, איז ביי אים אַליין בלויז ווי אַן אויי־סערלעכער פאַרקאַן, וואָס צוימט אַרום און פאַראייניקט די געביידעס, וועלכע קענען זיך גאַנץ גוט האַלטן אָן אים. יעדער קאָמענטאַר באַ־זונדער איז איבערצייגנדיק, יעדער אַנאַליז — אַ געניע ליטעראַריש־פּסיכישע סטודיע פון ווערק און פון די השפּעות, וואָס האָבן עס אַרויסגעברענגט. אָבער דער „יאָ", דער „וואָס אַמאָל באַשטימטערער יאָ", וואָס ניגער וויל דווקא זען ביי לייוויקן, איז זיין אייגענער — ניגערס. ער האָט ליב צו זען אין איטלעכן דיכטער אַ פּאָזיטיווע באַ־ציאונג צום לעבן. דאָס זעט זיך אַרויס כסדר אין בוך, דאָס זעט זיך אויך אין אַנדערע ביכער ניגערס. ער היט אָפּ זיין ליבע צו אַשן, נאָר צוליבן „יאָ", וואָס ער האָט ביי אים דערזען. (זע זיין בוך „ראָמאַ־

ניסטן און דערציילער"). איז עס ריכטיק פאַר אַשן, אָבער אויפגע־צווונגען פאַר לייוויקן.

איך וויל נישט דערמיט זאָגן, אַז ניגער לערנט אַריין פאַלשן פשט און ברענגט אַרויס „יאָ"ען, ווו זיי זענען נישט בנמצא. איך וויל בלויז זאָגן, אַז דער „באַשטימטער יאָ" דאָרט, ווו ער איז פאַראַן, איז נישט קיין רעזולטאַט פון אַ בהדרגהדיקן איבערגיין „צו אַן איינגעשפּאַרטן קאַמף פאַר יאָ", נאָר אַ דיקטערישער הוראת שעה, אַ „שטעלונג געמונג" צום מאָמענט.

אַנאַליזירנדיק, איינס פון די גאָר שיינע און אין די נאָך יונגע יאָרן געשריבענע, לייוויקס לירישע לידער „אין יענעמס האַרץ", שרייבט ניגער: „ווער איז ער דער, וואָס מוז קומען? דו? איך? ער? אפשר דו און אפשר איך און אפשר ער. אין יעדן מענטש לעבט די אויסלייז־מעגלעכקייט, יעדער מענטש קאָן ווערן זיין אייגענער — „און דערמיט אויך אונדזער אַלעמענס משיח" — אַ פיינער פּירוש:

נו, אויב שוין מיט עטלעכע צענדליק יאָר צוריק האָט לייוויק געוווּסט, אַז משיח קאָן זיך געפינען אין יעדן מענטש, ווי אַזוי קען מען נאָך דאָ רעדן פון ערשט דערגיין צו אַ יאָ? קען דען זיין אַ העכערער „יאָ".

אין דער אמתן האָט לייוויק ערשט נישט געברויכט צו דערגיין צום „יאָ". ער איז קיינמאָל קיין סקעפּטיקער נישט געווען. ער איז שטענדיק געווען אַ „שטעלונג־נעמער", אַ רעוואָלטירנדיקער, וואָס דאָס מיינט, נישט אַקצעפּטירן דעם סדר העולם, אַזוי ווי ער איז, אָבער אים אַקצעפּטירן ווי אַ האָפענונג און זאָל זיין ווי אַ וויזיאָנערע האָפענונג, ווי אַן אחרית הימימדיקע מעגלעכקייט, אָבער דאָך ווי אַ מעגלעכקייט. יעדער פּרווו פון גאולה מיינט זאָגן „יאָ".

לייוויק איז קיינמאָל נישט געווען קיין פאַריאושטער ניין־זאָגער; עס איז אָבער אויך גאָרנישט דאָ אין זיינע ווערק און אין זיין פּסיכיק וואָס זאָל קענען אויסגעטייטשט ווערן ווי „אַן איינגעשפּאַרטער קאַמף פאַרן „יאָ". "

אַלע זיינע „יאָס" און אַלע „ניינס" (וואָס ביי לייוויקן זענען זיי ניואַנסירטע „יאָס"), זענען משמשים בערבוביה אין אַלע זיינע ווערק, אין אַלע תקופות און אין אַלע סיטואַציעס, ווו איז דער בפּירושער „יאָ" אין פאַרלעצטן ווערק פון ה. לייוויק דער „מהרם מרוטנבּורג",

וואָס האָט דאָך דאָרט באַדאַרפט צו זיין, ווען דער „יאָ" זאָל זיין אַ רעזולטאַט פון אַ בהדרגהדיקן דערגיין צו אים? פאַרקערט, עס זעט אויס ווי דער דיכטער וואָלט דאָ וועלן באַווייזן, אַז אין דער אייביקייט אַליין פון די יסורים, און זייער גורלדיקייט, אין זייער איבערצייטלעכקייט ליגט שוין זייער פאַרענטפערונג. און דער „פּאָזיטיוויזם" פון אַ „חתונה אין פערנוואַלד". אפשר איז ער בלויז אַ רעאַקציע קעגן דער פאַרפלייצונג פון יאוש, וואָס האָט געקענט פאַרסמען אונדזערע גופים און נשמות נאָכן בלוטיקן מבול? אַ „חתונה אין פערנוואַלד" איז אַ נחמה־פּאָעמע. דאָ איז דער דיכטער וויטער נאָכגעגאַנגען דער געזונטער פאָלקס־טראַדיציע, וואָס האָט דערנענטערט דעם שבת נחמו צו תשעה באָב, אָבער עס איז נישט קיין „יאָ".

אין זיין טעאָריע פון בהדרגהדיקייט שליסט אויך ניגער אייַן לייוויקס דערגיין פון צוויגעשטאַלטיקייט צו אַ קאָנצענטרירטן „איך" און פון „איך" צו כלל. בין איך אויך דאָ מסופק, צי מען קאָן דאָס אָננעמען ווי עטאַפּן אין לייוויקס שאַפן, צי מען קאָן רעדן ביי לייוויקן וועגן איבערגיין פון צוויי־געשטאַלטיקייט צו איין־געשטאַלטיקייט, און פון „איך" צום כלל אין זין פון שעפערישער אַנטוויקלונג. עס איז קיינמאָל ביי לייוויקן נישט געווען קיין שאַרפער איבערגאַנג פונעם „איך" צום כלל.

זיין צוויי־געשטאַלטיקייט (אין אַלע ניואַנסן פון וואָרט) איז זי דען פאַרשווונדן? קען זי דען פאַרשווינדן? איז דען די דראַמאַטישע פאָרם אַליין שוין נישט אַ באַווייז אויף איר כסדרדיקער פאַראַנענקייט? זענען דען נישט די דיאַלאָגן אין זיינע דראַמעס קיין ויכוחים צווישן דער אייגענער פיל־געשטאַלטיקייט, און אפילו ווען דער כומר טאַדעאוש רעדט, זענען עס דען נישט טיילוויז אויך לייוויקס רייד? מוזן מיר דען נישט אין זיך פאַרנעמען און פון זיך אַרויסהערן אויך די טענות פון אונדזערע שונאים?

לייוויק איז נישט קיין פילאָזאָף, זיין וועלט־באַנעם איז אַ מיסטיש־מעטאַפיזישער, נישט קיין פילאָזאָפיש־סטאַטישער, נאָר אַ פּאָעטיש־דינאַמישער. נישט צו קיין שטייענדיקע וועלט־סיסטעמען דערגייט דער דיכטער, עס זענען פליסנדיקע עמאָציאָנעלע געפיל־רעאַקציעס. ער נעמט כסדר שטעלונג פּאָעטיש, ווי ער האָט עס פריער געטאָן פראַקטיש בעת זיינע ערשטע שריט אין לעבן.

דערביי אַ פעסטשטעלונג:

נאָר צו די צווישנמענטשלעכע באַציאונגען זענען געווענדט זיינע אויסגעפיינטע חושים, נאָר דאָס בין אדם להברו׳דיקע איז זיין געביט. עס קען אפשר אויסקומען ווי אַ פּאַראַדאָקס, אָבער עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז דווקא ביי לייוויקן, ביים מיסטעריעז־סימבאָ־ליסטישן לייוויק פאַרנעמט גאָט זייער ווייניק אָרט. גאָט איז דאָ ווי אַן אַנונג, ווי עפּעס וואָס פילט זיך אין די מעשים פון מענטש, אָבער נישט ווי אַ פּראָבלעם. דער בין אדם למקום פאַרנעמט ביי לייוויקן נישט קיין וויכטיק אָרט.

נישט בלויז האָט די לעגענדע פון גולם געקענט באַזונדער לאָקן לייוויקן צוליב די עלעמענטן פון גאולה, וואָס זענען אין איר פאַראַן, נאָר אויך צוליב דעם אויסשליסלעך מענטשלעכן אין איר מיט דעם, וואָס סיי דער באַשאַפער און סיי דער גואל זענען מענטשן. אויך די עקדה, וואָס אין חומש איז זי אַ גאָט־פּראָבלעם, איז ביי אים געוואָרן אַן אויסשליסלעך מענטשלעך פּראָבלעם.

אַנאַליזירנדיק לייוויקס ביבלישע דראַמע די „עקדה״, פּאָלעמי־זירט ניגער מיט אַ צווייטן קריטיקער ד״ר מוקדוני. דער לעצטער וואַרפט פאָר לייוויקן זיין ווילקירלעך אָפּנויגן פון ביבלישן טעקסט. ניגער פאַרענטפערט לייוויקן, גיט אים די רעכט אָפּצוּוויקן פון טראַדיציאָנעלן אינהאַלט. דערביי קוואַליפיצירט ער לייוויקס דראַמע ווי אַן „אַנטי־ביבלישע״. עס הייסט: די ביבל האָט גלאָריפיצירט דעם קרבן־ברענגער, לייוויק אָבער האָט אין זיין דראַמע, דורך איבערדרייען די סיטואַציע און מאַכן פון אברהמען דעם קרבן, באַ־וויזן, אַז אין קיין שום אומשטענדן טאָר אַ מענטש נישט מקריב זיין דעם מיטמענטש. איז זיכער ניגער גערעכט, אַז דער דיכטער האָט זיך געמעגט באַנוצן מיטן לבוש פון דער חומש־לעגענדע, ווי אים ווויל געפעלט, עס איז אָבער נישט ריכטיק, לויט מיין מיינונג, אַז די עקדה איז ביי לייוויקן אַן אַנטי־ביבלישע דראַמע. לייוויק האָט זיך דאָ פשוט געשטעלט אויף אַן אַנדערער פלאַך ווי אונזער חומש. אין דער תורה איז עס אַ גאָט־פּראָבלעם, ריכטיקער — אַן אמונה־פּראָבלעם, ביי לייוויקן איז עס אַ מענטשלעך־קרבן־פּראָבלעם. אברהם איז אין חומש דער מענטש פון אמונה. שרה לאַכט, ווען מען זאָגט איר אָן די בשורה פון אַ זון, אָבער אברהם גלויבט. ווען גאָט איז אים

מבטיח, אַז זיינע קינדס־קינדער וועלן זיך ציילן ווי די שטערן אין הימל, גלויבט אברהם. און די תורה שטרייכט אונטער והאמין בה׳ ויחשבהו לצדקה: אין דער תורה איז די עקידה דער פּראָבלעם פון נסיון, פון גלייבן אין גאָט. ביי לייוויקן אָבער האָט נישט עק־זיסטירט דער פּראָבלעם פון אמונה, נאָר דער פּראָבלעם פון קרבן.

און אויב שוין יאָ קרבן, איז עס אין דער ביבל גיכער אַן אַנטי־קרבן־פּראָבלעם. די תורה זעט אויס צו זאָגן: „גלויב, האָב צוטרוי צו גאָט, און דיין קרבן וועט פּונקט ווי ביי אברהמען ווערן אומגויטיק״. לייוויק אָבער שטעלט דעם פּראָבלעם אויף אַ גאַנץ אַנדערן פלאַך, ער איז דעריבער נישט אַנטי־ביבליש, ער באַרגט זיך ביי דער ביבל בלויז אויס דעם אויסערלעכן לבוש פון מיטאָס...

מיינע עטלעכע „השגות״ פאַרמינערן זיכער מיט גאָרנישט דעם ווערט פון פּירוש ניגער אויפן גאַנצן ווערק פון ה. לייוויק. דער מחבר פון בוך איז דאָ נאָכגעגאַנגען די בעסטע טראַדיציעס פון אונדזערע אַמאָליקע לומדים און מפורשים. די הונדערטער זייטן פון חיבור לייענען זיך מיט אַ געפיל פון באַרואיקונג און זיכערקייט, מיט אַ געפיל פון גלויבן אין ווערט און אין דער צוקונפט פון יידישן וואָרט.

עס איז נאָך דאָ ליטעראַטור ביי יידן, עס זענען נאָך דאָ גוטע און געדולדיקע אויסטייטשער, אָבער ווו איז דער לייענער? ווו זענען אונדזערע מיטלשולן און קאַטעדרעס, ווו פאַראינטערעסירטע תלמי־דים זאָלן שטודירן די יידישע ליטעראַטור מיט אירע מפורשים, זאָלן לערנען טאַקע לייוויקן אין ליכט פון ניגערס פּירוש?

נישט איינמאָל פרעגט זיך דעם יידישן שרייבער: למי אני עמל? פאַרדינען דעריבער נאָך מער אונדזער באַוווּנדערונג די, וואָס אַר־בעטן, די וואָס פירן אויס זייער שליחות און לאָזן איבער די קשיות פאַר דער צייט, וואָס פאַרענטפערט אַלץ.

יולי 1951.

# יעקב גלאַטשטיין, דער קריטיקער

די עבודה פון אַ גוטן פובליציסט איז די עבודה פון אַ געניטן בעל תפילה: דאַווענען פאַרן עמוד, זאָגן (אָדער שרייבן) אַ גוטע עברי, זיך לאָזן הערן און אויסלאָזן די פסוקים ווו און ווען מען דאַרף; אָבער אין דער צייט, וואָס אַ בעל־תפילה זאָגט דאָס, „וואָס שטייט אין סידורל", מוז דער פובליציסט זאָגן (אויב ער האָט וואָס צו זאָגן) זיין אייגן וואָרט און עס אַזוי זאָגן, אַז דער מיטדאַווענער (הערער אָדער לייענער) זאָל עס געפינען פאַר כמעט אַזוי זעלבסט־פאַרשטענדלעך און נאַטירלעך ווי דאָס נאָכזאָגן דעם נוסח־טעקסט, וואָס שטייט אין סידורל.

נאָכמער שליח־ציבורדיק איז די עבודה פון אַ קריטיקער, דאָ איז ער טאַקע פריער אַ פאַרזאָגער פון פאַרטיקע טעקסטן „ווי אין סידורל שטייט" און ערשט דערנאָך אַן אויסטייטשער.

דער קריטיקער איז אַלעמאָל באַהערשט פון אַ ויתרוצצו צווישן צוויי טרייב־כוחות: פון איין זייט וויל דער קריטיקער (דער ערלע־כער), וואָס מער איזאָלירן דאָס באַהאַנדלטע ווערק, כדי דערפון נישט אַרויסצולייענען עפּעס אַנדערש ווי נאָר דאָס, וואָס געפינט זיך אין אים, נישט מער און נישט ווייניקער; פון דער צווייטער זייט איז ער כסדר באַהערשט פון דעם גאַנץ־נאַטירלעכן און מענטשלעכן דראַנג צו לעבעדיקייט, פון אַ שטרעבונג צוריק צו באַהעפטן דעם מחבר מיט זיין ווערק, צו זוכן דאָס קאָנקרעטע הינטער דעם אַב־סטראַקטן, דעם באַשעפער הינטער דעם באַשאַף. די סיטואַציע פון קריטיקער קאָמפּליצירט זיך נאָך דערמיט, וואָס הינטער אים גע־פינט זיך, פאַקטיש אָדער אילוזאָריש, כסדר אַ ציבור, וואָס פאָדערט, אַ מיטדאַווענער, אַ פאַראינטערעסירטער און פאַראינטריגירטער, וואָס

וואָרט מיט אומגעדולד, אַז זיין שליח־ציבור זאָל שוין מאַכן דעם דערוואָרטעטן שריט און אַריבערשפּרינגען פון טויטער לאַבאָראַטאָ־רישער אַרבעט צו כירורגישער, צום שניידן אין לעבעדיקן, ער זאָל פון אַבסטראַקטע סוזשעטישע אָפּשאַצונגען אַריבערגיין צום לעבע־דיקן קאָנטאַקט מיטן מחבר. ער זאָל אים גוט־ברודעריש אַ קלאַפּ טאָן איבער דער פּלייצע, אָדער אומברחמנותדיק טרייבערן די אָדערן. דעם קריטיקער איז זייער שווער אויסצומיידן דעם דרוק פון ציבור, אין געשטאַלט פון אייגענעם יצר הרע. איבעריקנס, איז דער איבער־גאַנג פון ווערק צום מחבר נישט שטענדיק סתם אַ ליידנשאַפט מצד דעם קריטיקער, עס איז אָפטמאָל אַן אומבאַדינגטע נויטווענדיקייט.

פאַרן אויבנדערמאָנטן ויתרוצצו שטייט דער קריטיקער נישט בלויז ווען ער אַנאַליזירט ווערק פון לעבעדיקע שרייבער, נאָר אַפילו ווען ער טוט עס מיט פאַרשטאָרבענע און אַפילו מיט גאָר לאַנג שוין פאַרשוווּנדענע. אַפילו צו שעקספּירן און מאָליערן קאָן מען נאָך אַלץ נישט שטענדיק צוגיין ווי צו בלויזע סוזשעטן, ווי צו אַן איזאָלירטן באַשאַף אָן שעפער. אָבער אייביק איז עס נישט אַזוי. וואָס גרעסער דאָס ווערק, וואָס ווייטער די דיסטאַנץ פון צייט, אַלץ לייכטער איז צו דערגיין צו דער ריינער קריטיק און נישט צו זיין „געשטערט" דורך דער אָנוועזנהייט פון מחבר. הינטער די ווערטער פון אַ ישעיה, פון אַ פּלאַטאָן זעט זיך נישט מער די געשטאַלט פון מחבר, זיי זענען שוין ווי אַ טייל פון וועלט־באַשאַף, די רייד פון קאָסמאָס און נישט פון אַ בשר ודם, מיט וועלכן עס ווילט זיך פאַלעמיזירן.

מיין לאַנגע דיגרעסיע באַלד אין אָנהויב איז מיר נויטיק קודם כל פאַר מיר אַליין, כדי מיר צו פאַרלייכטערן די אויפגאַבע צו שרייבן קריטיק וועגן קריטיק און דערצו נאָך, ווען דער קריטיקער (ווי אין אונדזער פאַל) איז אַן אַמאַטאָר, טאַקע אין פשוטן זין פון וואָרט אַ ליבהאָבער, וואָס פאַרנעמט זיך מיט אָפּשאַצן ווערק פון מחברים אויס ליבע צו דער זאַך, צום יידישן שאַפן, צו דער יידישער ליטעראַטור און צו אַלע אירע באַגלייט־דערשיינונגען און נישט ווי אַ קריטיקער אַ פּראָפעסיאָנאַליזירטער.

אין דעם אַריבער 500־זייטיקן בוך „אין תוך גענומען" געפינען זיך אַרטיקלען און עסייען, אָנגעשריבענע אין די ערשטע נאָך חורבן־יאָרן 1945־1947. צענדליקער מחברים, צענדליקער חיבורים ווערן

צעשניטן אין דער לענג און אין דער ברייט, אין דער טיף און אין דער פלאַך, באַלויכטן מיט שאַרפע גלאַטשטיין־שטראַלן. און אין ליכט פון די שטראַלן ווערט אונדז דורך אַלע מחברים און ווערק אויפגעקלערט קודם כל דער מהות פון מחבר פון די קריטישע אַר־טיקלען אַליין.

מיט מיין לאַנגער הקדמה בין איך טאַקע אויסן פון איין זייט צו פאַרענטפערן דעם מחבר פון „אין תוך גענומען", וועלכער ווייזט אָפּט אַרויס אַ באַזונדערע ליידנשאַפט אַריבערצושפּרינגען די בריק וואָס טיילט אָפּ דעם שרייבער פון זיין ווערק, און פון דער צווייטער זייט מיך אַליין, וואָס קלויבט אויס די לייכטערע אַרבעט פון מטפל זיין זיך מיטן שרייבער פון דער קריטיק, אָנשטאָט דעם שווערערן וועג פון נאָכגיין מיטן קריטישן לעמפּל איבערן לאַבירינט פון גלאַט־שטיינס פּאָרטרעטן, צייכענונגען, קריטישע עסייען, באַמערקונגען און צאָלרייכע געדאַנקען, וואָס זענען צעוואָרפן איבער דעם כמות־דיקן און איכותדיקן בוך. סוף כל סוף טוט דאָך דער מענטש נישט עפּעס אַנדערש מיט אַלע זיינע רייד און מהשבות, ווי פּאָרטייטשן זיך אַליין, און דורך וועמענס מויל ער זאָל נישט רעדן, רעדט ער אַלץ זיינע אייגענע רייד.

און יעקב גלאַטשטיין האָט טאַקע אייגענע רייד, ער האָט זיי אין דער דיכטונג, אין דער קינסטלערישער פּראָזע און אין דער פּובליציסטיק. אין מלכות פון שיינקייט, אין דער יידישער פּאָעזיע, האָט ער אַריינגעבּרענגט קלוגשאַפט, אָבער דערביי נישט אַוועקגע־נומען איר ערשטן און וויכטיקסטן עלעמענט, די שיינקייט גופא. זיין קלוג אין לידער איז נישט קיין לייכטע זאַך, אַפילו ווען מען איז אַ ווערדיקער יורש פון די חכמי לובלין ווי יעקב גלאַטשטיין, מען קאָן זייער לייכט געשטרויכלט ווערן. אים איז די חכמה בייגע־שטאַנען. ער איז געבליבן אין היכל פון יידישן געזאַנג ווי אַן אייגנ־אַרטיקער, ווי אַן אייגנס־זאַגנדיקער פּאָעט מיט גאַנץ אייגענע, פּער־זענלעכע מיטלען פון אויסדרוק.

אין זיין אַנהויבערישער תקופה איז גלאַטשטיין געקומען צו דער יידישער פּאָעזיע ווי אַ צאַמען־ און באַן־ברעכער. ער האָט אַוועקגערוקט דעם פּאָעטישן „שולחן ערוך" — איך מיין עס אין ביידע טייטשן פון וואָרט — אי דעם צוגעגרייטן טיש אַראָפּצונעמען

„פּאָעטישע ווערטער“, אי דעם צאָם פון שטייפע געזעצן. ער האָט געבראָכן דעם מאָנאָפּאָל פון „פּאָעטישע אויסדרוקן“, כדי צו מאַכן די גאַנצע יידישע שפּראַך פאַר פּאָעזיע־פּעאיק, געבנדיק דערמיט אונדזער נייער דיכטונג גרויסע מעגלעכקייטן, וואָס אונטערליגן נישט קיין אַנדערע באַשרענקונגען ווי די, וואָס דער טאַלענטירטער דיכטער און קינסטלער נעמט אויף זיך אַליין סיי אין דער פּראָזע און סיי אין דער פּאָעזיע, כדי צו געבן דער שפע פון געפילן, גע־דאַנקען און בילדער יענע פאָרם, יענע מוזיקאַלישע אונטערשטריי־כונג, וואָס שאַפט דורך האַרמאָניע, צמצום און פיל־זאָגנדיקע נישט דערזאָגטקייט (תנא ושייר) דאָס, וואָס מיר רופן פּאָעזיע און קונסט.

צי איז עס, ווייל יעקב גלאַטשטיין האָט שוין פריער געהאַט ס׳וואָרט, אָדער ער האָט עס באַקומען אַלס שכר פאַר זוכן נייע וועגן פאַר דער יידישער דיכטונג, אַ פאַקט איז, אַז אונדזער גוטער דיכ־טער, טאַלאַנטירטער פּראָזאַאיקער און רירעוודיקער פּובליציסט האָט לשון און גענוג חכמה עס נישט צו פאַרוואַסערן און אויך — מייסטנטיילס — גענוג חכמה זיך צו שטעלן אַ סיג ל׳חכמה... ווען נישט דער סיג ווער ווייס, ווי ווייט דער יצר הרע פון זאָגן חכמה וואָלט אים פאַרפירט. וואָרעם, ווי נאָר דער קריטיקער נעמט אַוועק זיין אויפמערקזאַמקייט פון ווערק און בויגט זי אין דער זייט פון מחבר, שטעלט זיך גלייך דער יצר הרע הינטער די פּלייצעס און זאָגט: „דערלאַנג, גיב אין די זייטן אַזוי ווי דו קענסט“... דעמאָלט איז נישט גענוג צו זיין שיין און קלוג, מען באַדאַרף אויך זיין גערעכט. דאָס אָבער איז שוין שווערער, אפשר דאָס שווערסטע.

אָפטמאָל לאָזט זיך גלאַטשטיין כאַפּן אין דער פּאַסטקע פון יצר הרע, ער פאַרלייכטערט זיך דעמאָלט די אויפגאַבע דורך „אָרגאַני־זירן“ אַ דעפיניציע ווי אַ צענטראַלן אָנגריף־פּונקט. פאַרזען מיט אַזאַ סטראַטעגישער פּאָזיציע אַטאַקירט ער דערנאָך פון צענטער אין אַלע זייטן, אַז עס כאַפּט אַ רחמנות צוצוקוקן אויף די טרייסלענישן פון „קרבן“. אמת, איך האָב קיין איינמאָל נישט באַמערקט, אַז דער אָנגריף זאָל זיין אַן אומפאַרדינטער, ער איז אָבער שטענדיק צו גע־דיכט געפירט און אַלעמאָל פון איין צענטראַלן פּונקט אַרויס. אין אַזעלכע מאָמענטן פון קאָנצענטרירטן אָנגריף וועט גלאַטשטיין נישט לאָזן דעם אָרעמען אַריינגעכאַפּטן מחבר אָפּעטעמען, ער וועט זיך

טשעפּן צו אַ זאַך, צו אַ וואָרט, צו אַ שטרייכל, אַפילו צו אַ פּינטל. ער וועט דרשענען על כל תג ותג, וואָרעם פּינטעלעך האָבן כוונות און כוונות זענען דאָס בעסטע מאַטעריאַל פאַר קריטיק. דעמאָלט וועט אונדזער קריטיקער אָננעמען אַ פאַרקערטן סדר ווי פּרץ אין דער חסידישער מעשה. פון דעם אָרעמען שרייבער וועט פון ר' למך ווערן למך צום סוף למכל, אויב נישט נאָך ווייניקער...

אין אַזאַ קאָנצענטרירטן אָנגריף איז נעבעך אַריין דוד בערגעל־סאָן. דער קינסטלער, „וואָס האָט דעם גאָרנישט געשען צעלייגט אויף אינטערעסאַנטע טעלערלעך" (לויט גלאַטשטיינס אויסגעצייכנ־טער דעפיניציע) איז אין צענטער פון דער גלאַטשטיינישער אַטאַקע נישט אַריינגעפאַלן ווי אַן אומשולדיקער. ער האָט מער ווי איינמאָל געזינדיקט און נישט בלויז ביים איבערגעבן אַן אומגעלומפּערט קאַ־פּיטל זכרונות וועגן אַ „צונויפטרעף מיט פּרצן אין בערדיטשעוו" (די טעמע פון אָנגריף). מען טאָר אָבער נישט פאַרגעסן, אַז דער צונויפטרעף איז פאָרגעקומען אין יאָר 1912, און אַז בערגעלסאָן שרייבט די זכרונות מיט 33 יאָר שפּעטער אין מאָסקווע. און אין יענעם יאָר און אין יענער שטאָט איז מען זיך נוהג נישט בלויז צו פלאַניפיצירן דעם הווה, נאָר נאָכמער דעם עבר. די געשיכטע מוז זיין אַן איצטיקע און די זכרונות מוזן זיין איצטיקע. אָרעמער בער־געלסאָן! צעזאָרן האָט ער געגעבן דעם לייבן־טייל, וואָס אים קומט. דער יידישער ליטעראַטור דאָס ביסל, וואָס איז מעגלעך געוועזן, און דאָס אַלץ איז נישט בייגעשטאַנען אין טאָג פון צאָרן.

הגם בערגעלסאָן בקדושים?... יאָ אָדער נישט, אָבער פון קאָנ־צענטרירטן אָנגריף פון די הענט פון יידישן גזלן וואָלט זיך מיר וועלן אַלץ איינס אים אַרויסרייסן.

נאָך אין אָנגריף האָב איך חשק אָפּצושלאָגן: אַן אָנגריף קעגן זיידן ר' מענדעלע, וואָס קומט מער פון דער זייט ווי פון צענטער, דיקטירט מער דורך געפילן פון אהבת ישראל ווי דורך קריטישער אָפּשאַצונג.

אייגנטלעך אַטאַקירט גלאַטשטיין נישט מענדעלען, נאָר דאָס ווערק „פישקע דער קרומער" און נישט אַזוי דאָס ווערק, ווי די קריטיקער, וואָס האָבן מענדעלעס דערציילונג וועגן דער שנאָרער־באַנדע, שיער נישט דערהויבן צו אַ סימבאָל פון יידישן פאָלק —

אָבער אגב אורחא שיסט ער שוין נישט ווייניק פיילן אַריין אין אַלטן אַליין. דאַרף איך דערמאָנען גלאַטשטיינען דאָס, וואָס ער ווייס זיכער אָן מיר אויך, אַז די אהבת ישראל פון מענדעלעס צייטן האָט נישט געקענט זיין די זעלבע, וואָס די פון די שבעה־יאָרן? און אַז דווקא אַ טיפּע אהבת ישראל האָט געקאָנט דעם אַלטן קינסטלער־קפּדן באַוועגן צו פליקן און צערייסן די שמאַטעס און די לאַטעס און מעגלעך מאַכן, אַז פּרץ זאָל דערנאָך, סך הכל מיט עטלעכע יאָר שפּעטער, אַרויסזען דעם בן־מלך?

ווען מענדעלע זאָל עס נישט טאָן, וואָלט עס פּרץ געמוזט טאָן.

ווען די מיליאָנען וואָלטן נישט פאַרשניטן געוואָרן וואָלטן מיר אַליין נאָך כסדר געמוזט אויפוויקלען און אָפּוויקלען די שמאַטעס און די לאַטעס אין וועלכע ישראל־סבא האָט זיך אַזוי טיף פאַר־שטעקט ווי מיט אַ שוץ־דעק און אין וועלכע די „גוטע שכנים“ האָבן אים מיט גרויס הנאה נאָך מער פאַררוקט און פאַרשטופּט.

אָבער עס איז שוין צייט צוצוגעבן, אַז קיין גרויסער רוצח איז גלאַטשטיין אויך נישט. דער רוב, דער ווייט גרעסטער רוב פון זיינע אָפּשאַצונגען, וואָס געפינען זיך אין זיין בוך זענען פּאָזיטיווע. און גלאַטשטיין אַליין זעט אויס צו זיין גאַר שטאַרק צופרידן, ווען ער קאָן מיטן פולן מויל און מיט דער גאַנצער רייכקייט און לעבע־דיקייט פון זיין שפּראַך צעלייגן אויף טעלערלעך די מעלות פון באַהאַנדלטן דיכטער, אָדער קינסטלער.

אויך דעמאָלט ווען ער זיך אויסבויען אַזאַ צענטראַלע דעפיני־ציע־פּאָזיציע, פון וועלכער עס וועלן זיך ציען דינע און דינינקע פעדימער פון סימפּאַטיע און גנאָד צום טאַלענטירטן שרייבער.

עטלעכע פראַזן מוז איך פּשוט ציטירן ווי מוסטערן פון פיינעם אַפאָריזם, נישט פאַרלירנדיק דערביי דעם אָפּשאַצערישן ווערט.

רעדנדיק וועגן סוצקעווערן דריקט זיך דער קריטיקער אויס: „די יידישע צייט האָט דווקא אים אויסגעקליבן נישט כדי מתקן צו זיין אַ ניגון, נאָר זי איז אויסן געווען מתקן צו זיין אַ מנגן, זי האָט אים צוגעשטעלט פּאַרטיקע זאַכן און ביי אים באַשטעלט די ווערטער מיט דער מוזיק. דאָס איז געווען די אכזריותדיקסטע באַ־שטעלונג, וואָס אַ דיכטער האָט ווען עס איז באַקומען“.

עס וואָלט זיך געקענט אויסדוכטן, אַז אויף דער טעמע שלום

עליכם איז שוין גאָר נישטאָ וואָס מחדש צו זיין. טאָ הערט די גרויס־אַרטיקע מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציע, וואָס גלאַטשטיין קאָמפּאָנירט אויף דער טעמע מנחם מענדל און שיינע שיינדל:

„שיינע שיינדל שרייבט איבער אָדער זי קרימט איבער יעדן גרויסשטאָטישן בריוו אויף קליין־שטעטיש". שיינע שיינדלס בריוו זענען פּאַראָדיעס ווי איבערגעשריבן מיט מנחם מענדלס לינקער האַנט. מנחם מענדלס בריוו זענען מאַנסבילישע, אָבער מיט אַ ווייבערישן פּאַלצעט, דערפאַר שרייבט שיינע שיינדל ווייבערישע בריוו, וואָס מען הערט אין זיי אַ מאַנסביליש קול".

„איר לשון שטייט נישט אָפּ פון זיין לשון, עס איז ווי מנחם מענדל וואָלט זיך אַקאָמפּאַנירט מיט אַ לינקער רעאַליסטישער האַנט, ווי ער אַליין וואָלט אין מיטן חלום געריסן די אויגן צו זיין וואַך".

אָדער אַזאַ זאַץ: „אַ גאַנצן לופט־באַלאָן מיט מיליאָנען שאָפּט שלום עליכם און אונטן אין קוישל פּלאָנטערט זיך און הוידעט זיך אַרויף און אַראָפּ אַן אומגעלומפּערטער מנחם מענדל".

מנחם מענדל איז „האָס" און שיינע שיינדל איז „בעס".

לאָמיר צוגעבן צום פּאָרטייטשן: מנחם מענדל איז חלום, שיינע שיינדל — פּתרון. צוזאַמען איז עס פּאָר דער יידישער ליטעראַטור דער טאַנץ „פון מנחם מענדל, וואָס האָט ברייט אויפגעפּראַלט די טיר און אַריינגעטאַנצט, אין תוך כּדי טאַנץ, ווי מען האָט שוין געמיינט, אַז זיין טאַנץ איז דער עיקר, האָט באַלד אויך אַריינגעטאַנצט שיינע שיינדל און ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער ברוגז־טאַנץ פון דעם אומשטערבלעכן פּאָרל".

אין קאַפּיטל „אַפּאָריזמען וועגן קריטיק" פאַרגלייכט יעקב גלאַטשטיין די קריטיק צו אַ ליטעראַרישער געביידע, אין וועלכער דער קריטיקער באַזוכט זיינע שרייבער. יעדער שרייבער פאַרנעמט אַן אַנדער חדר אָדער קעמערל אין דער געביידע, וואָס ד'ער קריטיקער האָט אויפגעשטעלט.

„אין תוך גענומען" איז טאַקע אַזאַ געביידע מיט חדרים און קעמערלעך, קאָרידאָרן און שטיגן, פענצטער און טירן. איך האָב מיך מער פאַרנומען מיטן אַרכיטעקט, ווי מיט דער געביידע, אָבער נישט פריער, ווי איך בין דורכגעגאַנגען אַלע קאַמערן און קאָרידאָרן און פון אינעווייניק אָבסערווירט אַלע לאָקאַטאָרן און זיך צו־

געקוקט צו זייער ווירטשאַפט, וואָס עס האָט פאַר זיי איינגעסדרט יעקב גלאַטשטיין. דער שפּאַציר איז אַ גענוג אָנגענעמער. גלאַט־שטיין איז נישט באַשווערליק דאָרט, ווו מען ברויכט בלויז צו זיין ערנסט און נישט לעסטיק דאָרט, ווו עס איז גענוג צו זיין וואָגיק.

פון דער קוואַליקער שפּראַך, וואָס פליסט און שפּריצט פון אַלע זייטלעך פון זשאָזיקן בוך קאָן יעדער יידישער לייענער זיך אָפּפרישן און קאָנסטאַטירן, אַז יידיש איז אַ קולטור־שפּראַך, אויב דער, וואָס באַנוצט זיך מיט איר איז אַ קולטור־מענטש.

# אינהאַלט:

## סאָציאַלע עסייען.

זייטע



## תנ״ך־מחשבות.



## מענטשן און אידעען.

## קריטישע עסייען

זייטע